## דורך פינסטערע טויערן...

דורך פינסטערע טויערן,
אהן שטראַלען, אהן ליכטער:
קיין האַס, קיין באַדויערן
אויף אַלע געזיכטער —
א מחנה מאַרשירט
פון איינעם געפיהרט.

מיט ליפּען פאַרמאַכטע,
מיט הערצער געדריקטע,
מיט בליקען פאַרטראַכטע,
געפיהלען פאַרשטיקטע —
מאַרשירען זיי שטיל
צום אייביגען ציעל...

## איינציגע...

איינציגע, איינציגע
צווישען דער מענגע...
שטענדיג פאַרטרויערטע,
האַרטע און שטרענגע!

ארבייט פון אנדערע
נאָר צו פארניכטען,
ווילען פארבעסערען,
ווילען פארריכטען:

טראָגען פון טויזענדער
וועה אין די בליקען:
טרוימען פאר טויזענדער —
פריידען און גליקען...

איינציגע, איינציגע
אהן א באַלוינונג...
שטענדיג פארטריבענע —
היימלאָז, אהן וואוינונג...

לענדער און וועלט־טיילען
בלוטען און שרייען:
איינציגע, איינציגע —
איהר וועט באפרייען!..

## זייט גרייט!

עס הערט זיך א רופען: „זייט גרייט!"
עס קומט אויף דער וועלט עפּעס אן:
עס פּלאַטערט אויף אונזערע קעפּ
פון זעלטענע פארבען א פאהן.

עס קריכט ווער פון דונקעלע טרעפ,
עס יאגט פון דעם אפגרונט א ווינט,
און טירען פון העהלען און ווענט —
זיי עפ'נען זיך ברייט און געשווינט:

עס הערען זיך דומפיגע טריט,
און אימיצער רייסט זיך פון קייט:
עס צייכענט א האנט אויף דער וואנט,
עס הערט זיך א רופען: „זייט גרייט!"...

## אונזער ווארט

אונזער ווארט און אונזער ליעד —
ניט דערהערט געוואָרען:
און די גאנצע וועלט איז מיעד,
פול מיט האס און צארן.

אונזער בוך ליעגט איצט פארמאכט,
ווער זאל איהם דען ליי'נען?
גרויסע קינדער אויפ'ן שלאכט
און די קליינע וויינען...

אונזער נביא איז פארשעהמט
מיט זיין ווארט דעם שארפען:
ס'איז ניטא אפילו ווער
זאל א שטיין איהם ווארפען.

אונזער האפענונג — צו נישט,
אונזער שטאלץ נעבויגען;
אונזער ווארט ניט אפגעווישט
זיינעמ׳ס טרעהר פון ד׳אויגען.

ס׳האט דיין ווארט און ליעד אנטווישט,
דו, פארשטומטער דיכטער;
ווען די וועלט איז בלוט־בארוישט
מוזטו בלייבען ניכטער...

## דאָס שווייגען

אויפ׳ן מויל א שלאָס —
פרעג־זשע ניט פארוואס.
אין קיין זייט ניט קוק —
שטומערהייט זיך בוק.

זאָל זיך זאמלען פיעל
אין דיין הארצען שטיל
יעדער צער, פארדראָס,
ביז ס׳ווערט פול דער כוס.

האַלט דעם ווייטען קלאַנג,
האַלט זיין שטילען גאַנג.
אויף א וועג פול שטויב
נעהמ ער, ווארט און גלויב!

ווייטע לאנגע מייל —
אייבינקייט׳ס א ווייל.
קוק אויף איהם ארוים...
שטיל — און זאג ניט אויס...

## אין טרויער

אין טרויער אין שווערע, אין הארטע
אויף עפעס אן אנזאג מיר ווארטע...
ווי געסט אין א ווילד־פרעמדע הויז
מיר קוקען די אויגען זיך אויס.

מיר האבען דאס גליק און דאס לעבען
א פרעמדען אין האנט אפגעגעבען :
דער פרעמדער איז ערגעץ אוועק —
מיר זיצען און ווארטען אין שרעק...

מיר האבען א צווייטען, א דריטען
געשיקט, יענעם פרעמדען דערהיטען...
אונז ברענגען דאס לעבען און גליק — — —
זיי קומען ניט ביידע צוריק...

## ניט רייד...

ניט רעד און גארנישט זאג,
און שטיל מיין פריינד און שא.
עס איז שוין אזא טאג
עס איז א צייט אזא.

פארשלים די ליפען שטארק
ווען פרעגען האסטו וואס.
און קום ארוים אין מארק,
ווי יעדער באלעבאס.

דו קענסט איצט טאן געשעפט —
גער אין געשעפט אריין
און קויף וואס דיר זיך טרעפט:
ס'וועט שפעטער טייער זיין.

און וועסטו פיהלען שרעק
פון יושר אין דער שטיל,
דאן גער פארנאכט אוועק
אהין, אין וואדעוויל...

דארט וועסטו טענצער זעהן
פון פעלקער אלערליי,
און ס'וועט דיין שרעק פארגעהן,
וועסט מיטטאנצען מיט זיי...

## ווי קנעכט

זיי זיינען ווי קנעכט
ביי'ן טיר פון דעם האר;
און שמייכלען, כדי
באקומען דעם שכר.

און וואס דער האר זאגט —
ער רעדט אזוי דום —
זיי שאקלען איהם צו
מיט פנים'ער פרום.

און וואס דער האר ליעבט,
אויך זיי דאס געפעלט,
כדי זיין פארזארגט
מיט רוה אויף דער וועלט.

איך גרייט זיך אין וועג...
ס'איז ענג און עס דריקט...
און מיט זייער האר
האב איך זיך צוקריגט...

## צו זיי

...און אייער אמת
איז מיר דערווידער:
ער גרילצט מיר אין אויער,
ווי פאלשע לידער.

איך קאן איהם ניט הערען,
און קאן ניט פארטראגען:
ווי דום איז דער אמת,
ווען איהר קומט איהם זאגען.

א ליגען פון הארצען —
ער וועט מיך באמויען,
איהם וועל איך הערען,
איהם וועל איך טרויען.

א ליגען פון הארצען —
איהם וועל איך גלויבען:
ער וועט מיך באלעבען
און וועט מיך דערהויבען...

## געלויבט

געלויבט און געבענשט זאָלען זיין
די יענע, וואָס שטעלען זיך איין
פאַר די, וואָס אליין זיינען שוואַך
זיך רעטען פון געצען פון שמאַך,
וואָס קענען אליין ניט פאַרשטעהן
און לאָזען צום פייער זיך געהן...

געלויבט און געבענשט זאָלען זיין,
וואָס בויגען זיך קיינמאָל ניט איין
פאַר די וואָס רעגירען די וועלט
מיט אלערליי שווינדעל און געלט;
וואָס שטעהען מיט ווירדע און מוטה
פאַר די, וואָס זיי האַלטען די רוט...

געלויבט און געבענשט זאָלען זיין
די יענע, וואָס קוקען אריין
אין תפיסה, וואו פינסטער און שוואַרץ
מיט פרייד און מיט ליכט אין דעם האַרץ...
וואָס צאַהלען מיט יאַהרען אָהן צאַהל
פאַר פרייעד, וואָס וועט קומען אמאָל...

געלויבט און געבענשט זאָלען זיין
די יענע, וואָס קוקען אריין
אין צוקונפטס פאַרבאַרגען־געזיכט
און ברענגען פון דאָרטען אונז ליכט
און גיסען אריין עס אין היינט
צו טרייסטען די אָרימע פריינט...

## דער רייטער

זיי זיצען און וואַרטען.. ווי שטיל!
די בשורה איז ווייט, דאָך זי קומט:
אַ רייטער אַ ווייטער — ער ברומט
אַ רייטער אַ ווייטער — ער קומט...

ווער איז ער, דער רייטער, און וואו?
דער רייטער ער טראָגט זיך און יאָגט...
דאָס פערד זיך אַז פעלזען צושלאָגט...
דער רייטער ער וויל ניט קיין רוה...

און שטילער און שטילער זאָל זיין!
דער רייטער — ער איז שוין אין וואַלד,
און קומען אהער וועט ער באַלד...
שוין נעהענטער.. הערט זיך נאָר איין!

די בוימער, ווי שומרים געדיכט,
זיי רוישען דעם רייטער א ליעד,
דער רייטער ער ווערט גאר ניט מיעד...
איז הימעל באוויזט זיך א ליכט...

ער קומט באלד דער רייטער צו אייך...
דער וואלד דער געדיכטער איז אוים,
ער רייט פון דעם וואלד שוין ארוים —
ער דארף נאר אריבער א טייך...

## אין פינסטערער צייט

אויפגעעפענט אלע קברים
פון בית־עולם פון דעם אלטען;
אויפגעשטאנען זיינען יענע
בייזע, פינסטערע געשטאלטען.

היט זיך, לעבעדיגע מענשען,
פאר די טויטע אין די גאסען;
זאל פארשווינדען יעדער שמייכעל —
ניט מיט מתים זאלט איהר שפאסען.

די סקעלעטען זיינען שטארקער
פאר די לעבעדיגע ריזען;
יעדער בליק פון אויגען־לעכער
לעכערט אייער הארץ ווי שפיזען...

זעהם איהר אייגעם — איך דעריקען איהם
יענעם אבזר פון די רוימער:
שעהנסטע טעמפלען צינדט ער אונטער
און שנייט אב די יונגסטע בוימער.

צווישען זיי דער אינקוויזיטאר —
אך, ווי לייכט איז איהם דעריקענען!
שטילער, קינדער! הערט אויף לערנען! —
ער וועט הייסען אייך פארברענען.

מורמעלט ניט בסוד אפילו,
ווי אמאליגע מאראנען:
דען דער מסור הינטערן פארקאן
איז פון גרוב אויך אויפגעשטאנען...

## דער חלום פון ריז

שלאפען נעלעגט זיך האט וואו אין א לאנד —
איינער א ריז, און ער שלאפט נאכאנאנד.
שלאפט ער א יאהר אפ און שלאפט ער אפ צוויי.
חלום'ט ער שווערעס און אונז טוט עס וועה.
וואכען מיר אלע און טראכטען אין שרעק:
ווער וועט דעם ריז אמאל געבען א וועק?
זאל ער ניט חלום'ען שרעקען און פיין,
זאל פון זיין חלום דער העלד קיינער זיין.

## זיינע וואונדער...

זיינע וואונדער זיינען גרויס,
אז די וועלט — זי האלט נאך אויס.
אז נאך איינער האט זיין קלייד
ניט צוריסען אין זיין לייד;
אז נאך איינער אויף דער גאס
טראגט ניט אויף זיין קאפ קיין אש.
און אז נגוה מיט איהר גלאנץ
שטעהט נאך פעסט אזוי און גאנץ;
אז די זון — זי הענגט נאך הויך
און ביי נאכט — די שטערען אויך;
אז קיין בת־קול, ווי אמאל,
רופט נאך ניט פון בארג און טאל —
אז ער זעהט דאס אלץ און שווייגט,
האט ער זעלבסט זיך איבערשטייגט...

## פון איין זייט וועלט

אין איין זייט וועלט — דארט געהט א זון אויף
און פון דער צווייטער — וואלקען ציהען;
פון איין זייט וועלט קומט אן משיח
און אין דער צווייטער שקלאפען קניען.

און זי, די מענשהייט, שטעהט אין מיטען,
א שטיל־דערשראָקענע, דערפרעהטע:
עס וויל איין זייט די וועלט פארשלינגען
און העל באלייכטען וויל די צווייטע.

אך, וואו וועט איצט די מענשהייט ווענדען
די אויסגעשפּרייטע הענט, די בליקען?
אהין, פון וואנען ס'קומט ערלייזונג,
צי דאָרט, וואו רויך און פולווער שטיקען...

וואוהין — דו, מענשהייט? טראכט א ווײַלע
צו וועלכער זייט דו זאלסט זיך ווענדען...
צי געהסטו צו משיח'ס פייער?
צי וועט דער רויך דיין בליק פארבלענדען?

## איך האָב געוואָלט

איך האָב געוואָלט דערגעהן
דורך מיר אליין,
ווער איז ער פאָרט, דער מענש —
געוואָלט פארשטעהן.

איך האָב געקוקט, געקוקט
אין זיך גאָר לאנג,
און אויסגעפאָרשט מיין לוסט
און מיין פארלאנג.

צו וואס וואלט איך געווען
אויך מאנכמאל גרייט:
וואלט איך פארהונגערט שטערט
און קינדער פיעל געטייט?

וואלט איך אין שטאנד געווען,
ווען איך וואלט האבען מאכט,
צו קאנען ברענגען הילף
און ניט געבראכט?

איך האב געוואלט דערגעהן,
געפארשט מיט וועה:
צי בין איך אויך א מענש
אזוי ווי זיי?

איך האב זיך צוגעהערט,
מיין הארץ געהיט:
צי בין איך אויך א מענש? —
ניין — כ'בין עס ניט!...

## דערזעלביגער

„אמאל וועט די וועלט ווערען שעהן!"
איך הער זי, די טרייסט, נאכאנאנד:
דאך, ווער וועט זי שעהן מאכען, ווער? —
פארשטעהן עס בין איך ניט אין שטאנד.

דער מענש! — אך, מיר קענען איהם גוּט
מיר ווייסען שוין קלאר, ווער ער איז:
מיר האבען געזעהן איהם ניט לאנג —
אנטקעגען זיין פריינד מיט א שפיז

דער מענש, וואס ער האט זיך פארשטעקט
אזוי ווי א חיה אין וואלד,
געלויערט אויף איינעם, ווי ער,
געשאפען אין זעלבען געשטאלט.

„אמאל וועט די וועלט ווערען שעהן!" —
דאך גלויבען אין דעם איז מיר שווער:
און קוק איך צום טרייסטער זיך צו —
איך האב איהם דערקענט — דאס איז ע ר.

איז נאר וואס געקומען פון וואלד,
איז נאר וואס געקומען פון פעלד.
דאס איז דאך דערזעלביגער מענש, —
און ער קומט באשעהנען די וועלט!...

## ווען?

ווי מירווארטען, ווי מיר האר'ען
אויף די גרויסע ווערטער:
קינדער צארטע וועלקען, דאר'ען
אין די וויסטע ערטער.

הייזער שטעהען ניט געהייצטע,
פענסטער שטאר אהן שויבען;
וועו שוין וועלען די גערייצטע
קומען שטיל ווי טויבען?

ווי די אונשולדיגע קינדער
ווערען בלייכער, בלייכער!
וועז־זשע וועלען אלטע זינדער
ווערען צארטער, ווייכער?

שיפען שטעהען ביי די ברעגען
פול מיט שפייז געלאדען;
וועז וועט שוין דער ים זיי מעגען
ברענגען צו א באדען?

און א זון אויף ערד און ים'ען
העל איז אויפגעגאנגען;
וועז שוין וועלען מיר צוזאמען
זיך די הענט דערלאנגען?

ווי מיר ווערען אונגעדולדיג —
ס'וועדט דאס הארץ צורייסען;
ווער ס'איז אונשולדיג און שולדיג
ווילען מיר ניט וויסען.

ווער עס וועט דער ערשטער זאגען:
פריעד דער וועלט און לעבען! —
האט זיך קיינמאל ניט געשלאגען
און ער איז פארטעבען...

## עלזאס-לאָטערינגען

מיליאָנען זיינען זיי געשטאַנען
א איינער קעגען צווייטען...
— וואָס ווילט איהר איינע פון די **אנד'רע**,
צו וואָס זאָלט איהר זיך טויטען ?...

עס הילכען אָב מיליאָנען שטימען —
א קראַכען און אַ קלינגען ;
— עס איז א קאַמף אויף טויט און **לעבען —**
פאר עלזאס-לאָטערינגען.

מיליאָנען זיינען זיי געשטאַנען.
די רייהען ווערען שיטער :
דער קאַמף ער געהט נאָך אַן מיט **צארען**,
דער קאַמף געהט אַן נאָך ביטער.

וואָס איז דער ציעל, וואָס טרייבט אייך, **העלדען**,
וואָס שטארבט איהר מיט אַ זינגען ?
און שטימען ענטפערן : מיר שטארבען
פאר עלזאס לאָטערינגען !

מיליאָנען זיינען זיי געוועזען
און טויזענדער געוואָרען —
די טויזענדער זיי זיינען מוטיג,
דער קאַמף געהט אַן מיט צארען.

העי, ליבע מענשען, הערט! באטראכט זיך:
די ערד וועט אייך פארשלינגען...
עס דונערען די לעצטע שטימען:
— פאר על־זאם־לאטערינגען.

מיליאנען זיינען זיי געשטאנען,
פון ווילדען האס געטריבען:
מיליאנען זיינען זיי געוועזען —
ווער וויים, ווי פיעל געבליבען?

פאר וואס אזוי פיעל בערג מיט טויטע?
ווער קען דעם זין דורכדרינגען?—
עס ענטפערט אב א שווארצע קראהע:
פאר על—זאם לא—טע—רינ—גען...

## א טרוים

ביי א רונדען טיש
זעה איך מענשען זיצען:
מעסער שארף און בלאנק
אין די הענט דארט בליצען.

באלד וועט מען די ערד
ברענגען און צושניידען
מיט גערעכטיגקייט —
קיינער זאל ניט ליידען.

ברענגט מען גלייך די ערד,
איינער מאכט הויך קידוש...
(ס'חלומ'ט מיר אזוי
ווייל איך פיהל בלויז אידיש...)

שניידט מען זי אריין
מיט א שארפען מעסער:
איינעם — אויבענאן —
אז המוציא גרעסער.

איך — איך זיץ ביים ברעג
מורמעל מיר א ניגון...
זיץ מיט שטאט און ווארט
אויך א שטיקעל קריגען.

ווארט איך און ערוואך —
ערשט עס איז א חלום...
זאל צו גוטען זיין,
צו געזונט און שלום!

## אלע אינזלען

אלע אינזלען אויסגעפונען,
אלע וועגען — נים מעהר פריי:
קענסט ניט לעבען אויף דאס ניי
אונטער אלע זיבען זונען.

שווער... עס דריקט... ניט אויסצוהאלטען —
אפשר דארטען... אפשר דא?
ניין, ס׳איז מעהר קיין ארט ניטא
פון דער וועלט זיך וואו באהאלטען.

## שאדענם

אלעס וועט ווערען פארריכט,
גלייך וועלען ווערען די מאלען.
זיין וועט דער שאדען באצאהלט —
מיר אבער, ווער וועט באצאהלען?

כ׳האב אין דעם מענשען געגלויבט,
פלעג איהם אלס ברודער זיך מאלען, —
האט מען מיין גלויבען גערויבט —
ווער וועט מיין שאדען באצאהלען?

שלעסער פאר מענשליכען גליק
האב איך געבויט און באזעסען:
האט מען זיי חרוב געמאכט —
מיך אבער האט מען פארגעסען.

קוואלען, וואס האבען געטריפט
אלערליי ליעבעס-נענאדען,
האט איהר פארשאטען מיט גיפט —
ווער וועט באצאהלען דעם שאדען?!...

## א ים־ליעד

העי, דו גוטער קאפּיטאַן,
זאָג, ווען געהט שוין אָפּ פון דאַן
אונזער שיף אין וועג?
מיט דעם האַרצען, טיעף פּאַרבענקט,
מיט די אויגען, אַנגעשטרענגט —
וואַרט איך לאַנגע טעג.

אונזער שיף — נאָך אימער גוט
און זי האַט זיך אויסגערוהט,
און זי וויל ניט זיין
מעהר צום טריבען ברעג געשמידט
און ווי אונז — דער שיף אויך ציהט
אין דער וועלט אַריין.

דו אויך, קאַפּיטאַן, אַליין
קענסט שוין לענגער דאָ ניט שטעהן —
ניט געוועהנט דערצו!
דיינע אויגען שוין אַ צייט
קוקען שטענדיג ערגעץ ווייט,
דיר איז לעסטיג רוה!

די מאַטראָזען — אַלע זיי
זיינען פול מיט צער און וועה
אָהן דעם יוגענד־פלאַם:

שלעפּעז זיך אַרום אין שטאָרם
אַחוץ אַ גלויבעו. אַחוץ אַ גאָט —
בענקעז נאָכ׳ן ים !

מעהר פון אַלעמעז איז באַנג
מיר, דעם פּאַסאַזשיר פון לאַנג,
איינעם פון דיין שטאַם :
וואו איך וועגד זיך איז מיר שווער
און מיר דאַכט זיך, אַז איך הער
ווי עס רופט דער ים !

## וואו איז ער ?

וואו איז ער, דער איינער, דער העלד ?
שוין לאַנג ניט געזעהן.
שוין לאַנג ניט געווען
ביי אונז אין דער אָרימער וועלט.

ער מוז דאָך פּאָרט ערגעץ וואו זיין :
עס איז בלויז געהיים
זיין שטוב און זיין היים,
ער לאָזט צו זיך קיינעם אַריין,

און אפשר מיט אונז איז ער נאר,
און איז אומעטום
און קוקט זיך ארום,
און טראַכט זיך: ניט ווערט איז דער דור!

דאַן ווייז זיך — דיין ווארט פאר זיי זאג!
און ווייז זיי דעם וועג
צום ליכטיגען ברעג,
וואו ס'ציגדט זיך דער קומענדער טאָג...

## אין אונזערע טעג

א מאַן איז געקומען צו אונז אין די טעג,
א מאַן, א געוועהנליכער מאַן:
דאך נייגיער האט ער ביי אונז אלע געוועקט:
עס איז נאך אזעלכער פאראן!

מען האט איהם באטראכט און מען האט איהם באקוקט
באטראכט איהם פון קאפ ביז די פיס:
און וואו אין זיין פנים געוועזן איז א קנייטש —
געזוכט האט מען דארט וואס עס איז.

און האט ער גערעדט ווי א מענש, מיט פארשטאנד,
און האט נאך געשמייכעלט צומאל —
דער וואונדער געוועזן איז מעהרער נאך גרויס:
ווי מענשליך עס קלינגט דאך זיין קול!

און האָט מען געפרעגט איהם, צו זיינען זיי דאָרט
די מענשען אַזוי ווי אַט ער?
האָט ער זיך צולאַכט און געענטפערט: נו, יאָ...
און נאָכדעם דאָך אָפגעזיפצט שווער.

און האָט מען געפרעגט איהם, צי עסט מען דאָרט גראָז?
האָט ער זיך צושמייכעלט: ווי דען?
און ברויט, ווי מיר דאָ? דאָס געבאַקענע ברויט? —
געענטפערט האָט ער: ווען ניט ווען?

און האָט מען געפרעגט איהם, צו זעעט מען די ערד?
זיין ענטפער: אַן אַנדערער זעעט!
און האָט מען געפרעגט איהם: צי
געענטפערט האָט ער: אַמאָל געהט...

אַזוי גאָר? איז הייסט עס נאָך ניט דורכאויס ווילד
די וועלט דאָרט — דער וואונדער איז גרויס...
— יאָ, יאָ! האָט געענטפערט פון דאָרטען דער מאַן
מען מענשעלט זיך ביסלעכווייז אויס...

## פאַרגעבונג

עס פליסט איז מיר בלוט פון באַליידיגטען איך —
כ'ליעב דעם, וואָס געקומען פאַרמאַטערט און מיעד
און האָט מיט אַ האַרץ פול חרטה און צער
אַנידערגעקניהט פאַר'ן שוועל פון זיין האַר.

און ווען ס'איז דער האר פון זיין פּאַלאַץ ארויס
און האט אַנגעקוקט, ווי דער מידער זעהט אויס,
האט ער זיך מיט קלינגענדען לאַכען צעלאַכט —
דעם ארימען האט עס קיין וועה ניט געמאַכט.

ער האט זיך געלאַזען צוריק צו זיין היים,
מיט ליכטיגער האפנונג אין הארצען געהיים.
דער וועג איז געוועזען פאַרלאַזען, פאַרוויסט —
די זון פון דעם הימעל האט אַלעם באַגריסט.

א טעמפּעל אינמיטען געשטאַנען איז לעער, —
די הייליגע בילדער — געוועזען ניט מעהר;
ער האט איהם, דעם טעמפּעל, דער מידער דערקענט
ער האט איהם געשענדעט מיט אייגענע הענט...

דאך איז נאך אין טעמפּעל געבליבען איין בילד,
וואס האט אויפ'ן מידען געקוקט אזוי מילד,
עס האט איהם דאס בילד ווייך געגלעט און געטרייסט
און האט ווי געשמייכעלט; ניט זיי צופיעל דרייסט.

## די ערוואַרטונג

איך האב לאַנג ניט געהאט שוין די פרייד
אין מיין איינזאמען, שטילען געצעלט:
איך האב לאַנג ניט געשריבען קיין בריעף
צו דער היים, וואס איך האב אויף דער וועלט.

און ווי גרויס איז די פרייד! גאַר די וועלט
דאַן פאַרשווינדט מיט איהר פרייד און איהר וועלט:
דיינע ליעבסטע בלויז שוועבען פאַרביי,
ניט דו שרייבסט, נאַר דו רעדסט דאַן מיט זיי.

אַט די פרייד האָב איך לאַנג ניט געהאַט,
און מיין האַרץ איז פול אַנגסט און פול שרעק:
טאַ פאַרוואָס, ווען איך זעץ זיך צום טיש,
וואַרף איך עלענד די פעדער אַוועק?

ביים אוועקפאָהר האָב איך ניט געקריענט
זיך מיט קיינעם אַפילו גאַר לייכט:
ווען איך האָב זיי געזאָגט דעם אַדיע
איז געווען מיין אויג אַזוי פייכט.

ווען איך האָב זיי געזאָגט דעם אַדיע
האָב איך יעדען געגעבען דאָס וואָרט:
מעג דער מזל פאַרוואַרפען מיך ווייט —
כ'וועל אייך גריסען פון איטליכען אָרט.

אָדער בין איך געוואָרען דאַ שלעכט,
און מיין האַרץ איז געוואָרען פאַרשטיינט?
טאַ פאַרוואָס האָב איך נעכטען ביי נאַכט
זיך דערמאַנט אַן מיין היים און געוויינט?

ניין, פאַרגעסען זיי האָב איך דאָ ניט,
און אויך דאָרט זיך מיט זיי ניט געקריגט;
נו, ווער איז דאַ פאַרט שולדיג? מיין בריעף
איז מיין האַרץ אַ פאַרבלוטיגטער ליגט...

נו, צוטיילט זיך שוין, שותפים, אויף גיך:
איינעם ים און דעם צווייטען די ערד;
אבי לאזט נאר א פלאץ פאר מיין בריעף,
זאל מיין בריעף קענען געהן ניט געשטערט...

## דער רוף

עס איז אזוי עלענד ארום און ארום
און אלץ איז פארשולדיגט, און יעדער וועג — קרום.
און אלעמענס הערצער — פארפרוירען איז שרעק —
אך, קום, דו, ערשיינונג, אנטפלעק זיך, אנטפלעק!

אנטפלעק זיך, ערשיינונג, אזוי ווי אמאל
צום נביא אין איינזאמען, פינסטערען טאל.
באווייז זיך אלס מלאך, אלס פייער א שטיק,
גיס אפ איהם מיט פלאמען, זיין הארץ און זיין בליק.

אין איצט דען א בעסערע, פרימערע צייט?
צי זיינען אין נגוה איצט בעסער די לייט?
און וואו דו וועסט הייסען — דארט טראגט ער דיין פלאם,
צי דורך דער יבשה און אויך דורכ'ן ים.

און זאל ער, דער שטורעם, צוברעכען די שיף
וועט ער צי זיי רופען פון אפגרונט'ס טיעף,
און ער וועט זיך ראנגלען מיט כוואליעס און ווינד,
צו קומען און שטראפען דאס בייזע געזינד.

## ס'וועט זיין אַמאָל

„ס'וועט זיין אַמאָל..."
אך, ווען און וואו?
איך וויל זי שוין
און דאָ די רוה.

„ס'וועט זיין אַמאָל..."
דאָס אַלטע ליעד!
צו זינגען דאָס
בין איך שוין מיעד.

ווי קען מיין האַרץ
זיין איצט באַרוהט,
אַז ס'וועט אַמאָל
זיין ווערן גוט.

איך קען ניט זעהן
ווי זעהט ער אוים,
צי איז ער קליין,
צי איז ער גרויס.

פאַרוואָס קומט דעם,
וואָס איז ניטאָ
מעהר גליק פאַר דעם
וואָס איז שוין דאָ?

כ׳פארגין דער וועלט
זאל זיין באפרייט,
זאל גליקליך זיין
אויך נאך מיין צייט.

דאך ווער עס לעבט
אויף דר׳ערד אצינד
האט שוין דערמיט
דאס גליק פארדיענט...

## ווער...

ווער האט אונזער פעלד צוגראבען —
מאמע ליעבע — זאג?
— שא, מיין קינד, מען וועט דערהערען
וועט אונז זיין א קלאג...

וואס פארהענגסטו אלע פענסטער,
ווען דער טאג געהט אוים?
— ליכט איז, קינד, אין לאנד פארבאטען,
ס׳טאר קיין שטראל ארוים...

וואס־זשע שטעהסטו אין דער רייהע
פון דער פריה ביז נאכט?
— כ׳האב, מיין קינד, אויף ברויט געווארט דארט
און זיך ניט דערווארט.

וואָס־זשע װעלען מיר איצט עסען?
ס'איז דאָך לאַנג שוין צייט.
אפשר וועט די הילף נאָך קומען
פון דער ווייט...

## א פראַגע

און ווער עס האַלט אָפּ די פרייד פון דער וועלט
איין מינוט, איין מינוט —
ווי קען ער אַליין — איך קען ניט פאַרשטעהן —
דאָן לעבען בארוהט?

און ווער עס פאַרהאַלט דעם שאַל און דעם רוף
צו לעבען און גליק —
ווי קען ער אַליין אַ גליקליכער זיין
מיט לויטערן בליק?

און ווער עס דערלאָזט איז קעלט און איז פראָסט
זאָל אויסגעהן די וועלט —
ווי קען ער אַליין ביים פייער דאָן שטעהן
איז וואַרמען געצעלט?...

## שטורמישע צייטען

שטורמישע צייטען, ווי טייכען
וואלטען צוהוליען זיך ווילד:
אין דער געשיכטע קיין גלייכען
האט זיך אזוינס ניט געשפיעלט.

אלץ וואס געלעגען פארפראָרען
איז אפגעגאַנגען אין טאל:
אייז־בערג פון טויזענדע יאהרען
שמעלצען פון זיך מיט אמאל.

זאמדען פון איינזאמע ברעגען
האבען די שטראָמען פאַרדעקט:
חורבות פון איינזאמע וועגען
האבען פון שלאף זיך געוועקט.

איידעלע שררות און זאטע
קוקען ארום זיך מיט שרעק,
וואנדערער שטילע און מאַטע
בלאָנזשען און זוכען א וועג...

## פון בארג און טאָל

און דאס אַלץ, וואס מיר האבען ערווארבען
אויפ׳ן בארג פון אמאָל,
וועט דאס ווערען פארוויסט און פארדארבען
פון די נארען אין טאָל.

ווען דער בארג וועט א וויסטער שוין בלייבען
וועט נאך אַלץ זיי זיין קארג,
און זיי וועלען די היטער צוטרייבען
און צוגראבען דעם בארג...

און עס וועט יעדער היטער, א מאַטער,
טיעף באהאַלטען זיין וועה,
און ער וועט אויף דער ערד אויף דער גלאטער
מוזען זינגען מיט זיי...

## זייט ניט בייז...

זייט ניט בייז פאר שטילע ליעדער
אין דער גרויסער צייט:
אפען זיינען אַלע פענסטער
און ער שטעהט ביי׳ן זייט.

זייט נים בייז פאר בלאסע ליעדער
אין דער רויטער צייט...
צוגעשלאסען אלע טויערן
און די הילף איז וויים...

## ווען די בלעטער פאלען...

ווען די בלעטער פאלען
פון די צווייגען אפּ,
שאקעלט פילאזאפיש
דאן דער בוים זיין קאפּ...

ס'איז א בוים אן אלטער
און איז אזוי קלוג,
און געזעהן אין לעבען
האט ער שוין גענוג.

ס'איז א בוים אן אלטער
און ער שטעהט שוין קרום,
גלויבט אין עולם הבא,
ווי דער שטיינער — פרום.

ס'איז א בוים אן אלטער
און ער וויים, אז ער
ווערט אמאל אויך פאלען —
פוהלט ער טריעב און שווער.

דאַד אז בלעטער פאַלען
ארט עס איהם ניט פיעל:
אַלע יאהר דער זעלבער
טרויעריגער שפּיעל.

ס'ליגט א זיין פארבארגען
אין דעריין מסתם.
ניט די בלעטער — טראַכט ער —
ס'איז דערהויפּט דער שטאַם!

און ער גיט א שאַקעל
מיט זיין אַלטען קאָפּ
און די יונגע בלעטער
שיטען זיך אראָפּ...

## אין מיטען נאַכט

(פאַנטאַזיע)

אין מיטען נאַכט, אין מיטען נאַכט
א שטימע רופט פון ערגעץ וואו:
אין מיטען נאַכט ערוואַכט, ערוואַכט!
דאס גיט די מוטערס ניט קיין רוה!

זיי שטעהען אויף, זיי וואַכען אויף
און קוקען אום זיך הין און הער:
זיי הערען אַליץ דעם ווייטען רוף
און קיינע קען ניט רוהען מעהר.

זיי שלאָפען ניט, זיי שלאָפען ניט,
די מוטערס אלע אויף דער וועלט:
זיי געהן מיט, זיי ציהען מיט
אהין, אהין צום רויטען פעלד...

## אויף דער וועלט...

אויף דער גאַנצער וועלט טראָגט זיין גייסט זיך אום,
רוהיג, וויזוג, פריינד, גאָט איז אומעטום...
גלויבסטו ניט דעריין? ס'איז א לעערער וואָרט?
אויב אזוי, איז שרעק דאָ אזוי ווי דאָרט...

כ'זוך א וואָרט פאר דיר און געפין איהם ניט...
דו פארשווינדסט פון מיר... כ'הער די לעצטע טריט.
כ'הער די לעצט עטריט און ארום איז שטום,
כ'הער אַן עכאָ בלויז: גאָט איז אומעטום!

## איך שפיעל אייך נים...

איך שפיעל אייך ניט דעם „גרויסען מאן־
ווי די באקאנטע שפיעלער,
איך בין אליין דאס פובליקום —
און אפטמאל גאר גאר שטילער...

קיין „נביא" האב איך ניט געשפיעלט,
די צוקונפט ניט פארקינדיגט
און מוסר קיינמאל אייך געזאגט —
איך האב אליין געזינדיגט. —

איך האב קיין לאנד פארשפראכען אייך,
וואו האניג מילך זאל פליסען:
און וואו עס קען אייך בעסער זיין,
ווי איהר קען איך ניט וויסען.

און ווען די וועלט פארגאסען איז
מיט בלוט און רויטע פלאמען,
בין איך פארווירט, אזוי ווי איהר
און ווארט מיט אייך צוזאמען...

## הילף!

די אָרימע גאַס אין דער היים —
קיין אונגליק האָט איהר ניט געמיטען!
דער שונא האָט צווייגען און בוים
און ווארצלען געריסען, געשניטען...

די הייזער זיי קוקען מיט גרויל,
די פענסטער זיי גלאָצען אָהן שויבען,
דעם דאך האָט צוריסען א קויל,
פארבלוטיגט, פאַריאָגט זיינע טויבען...

די קינדער, וואָס האָבען באַגליקט,
געוועקט אין איהר גלויבען און האָפען —
דער הונגער האָט אַלע פארוויגט —
די קינדער די קליינע — זיי שלאָפען...

די פרייד פון דער גאַס איז פארשטערט,
קיין שפּילען פון קינדער — ניטאָ מעהר!
איז לופט, ווער עס הערט נאָך, דער הערט
פון עלענדע מוטערס א יאָמער...

## ווי אזוי ער זעהט אוים...

איך האב אין דער איינזאמער נאכט
פון ברודער פון ווייטען געטראכט...
פון ברודער, פון וועלכען שוין לאנג
עס ווערט ניט דערטראגען קיין קלאנג...

ווי געהט עס, ווי געהט עס איהם דארט
אין יענעם פאראונגליקטען ארט,
וואו ער איז, א פרייער, פארשפארט
און ווארט אויף דערלייזונג און ווארט?

ווי זעהט איצט דער ברודער דארט אוים...
מיין בענקשאפט און נייגיער ווערט גרוים...
ב'מוז האבען פון איהם א געדים,
זיין איצטיגער אויסזעהן ווי איז?

פון די פים אויסגעטאן מיינע שיך,
מיט שמאטעס פארבונדען זיי גיך...
צופליקט אויך מיין ראק און מיין העמד —
אזוי געהט ער אום אין דער פרעמד.

מיט קרייד אויסגעשמירט מיין געזיכט —
אזוי געהט ער אוים, ווי א ליכט.
און ריכטיגער זעהן נאך זיין בילד:
מיין פינגער געקייט האב איך ווילד.

און טיפער צו זעהן זיין געשטאַלט —
די פענסטער — געעפענט זיי באַלד,
איך האָב גלייך געציטערט פאַר קעלט —
אזוי פריהרט ער דאָרט אין דער וועלט...

און אז איך האָב אַלץ עס געטאָן —
מיין הארץ האָט א ציטער געטאָן,
עס האָט מיך געשטיקט א געוויין —
אזוי וויינט ער דאָרטען אליין.

## דאָס קליינע קינד

מאָלט זיך פאַר די אויגען
מיר א בילד אצינד:
זיצט אין שטוב די מאַמע,
נעבען איהר דאָס קינד.

אַוועגט איז אין שטיבעל,
קוים דאָס לעמפעל ברענט,
פּונקט ווי זיי, די שאָטענס,
שווייגען אויף די ווענט...

וואָס דאָס קינד מעהר הונגערט
מעהרער ווערט עס קלוג...
שטעלט שוין ניט קיין פראַגען,
ווייס שוין אַלץ גענוג...

װען װעט װערען בעסער?...
אזוי לאנג געװארט...
ניין, ער װעט ניט פרעגען —
מ'האט איהם אפגענארט...

פלוצלונג פיהלט ער, עפעס
אויף די בעקלעך רינט:
צו דער שטילער מאמען
קוקט ארויף דאס קינד.

ניין, ניט אלץ איז ליגען,
װי ער האט געמיינט —
אלץ איז לויטער אמת
װען די מאמע װיינט...

## אויף פוילענס טייך װייקסעל...

אויף פוילענס טייך װייקסעל... מיר זיינען געזעסען
ביים זאמדיגען ברעג:
מיט ליפען פארשמאכטע. אהן טרינקען אהן עסען —
גערוהט פונ'ם װעג

עס זיינען געקומען אנטקעגען די פוילען
און האבען געלאכט:
מה יפית צו זינגען אונז שפאטיש באפוילען
און חוזק געמאכט.

פון קעלט האבען אונזערע זויגלינגס געציטערט
און האבען געוויינט...
נאר מיר זיינען שווייגענד געזעסען פארביטערט,
די הערצער פארשטיינט.

מיר האבען אין הארץ בלויז א שבועה געגעבען,
געהויבען די האנט,
צו פאדערן חשבון פאר איטליכען לעבען
פון בלוטיגען לאנד...

## די קערה

אלע ערב יום־כפורים,
איידער ס'פלעגט די זון פארגעהן,
פלעגט אין פארהויז פון בית־מדרש
אויסגעשטעלטע טישען שטעהן.

און די טישען פול מיט קערות,
אויסגעשטעלטע אין דער רייה;
זיין נדבה ווארפט דארט יעדער
ווער עס געהט דעם טיש פארביי.

„פאר די אידען אין „מאראקא"
און „פאר ברידער אין דער וויט",
און „פאר שיך פאר אר'מע קינדער"
און „פאר האלץ פאר ארמע לייט".

און „פּאר קראנקע קינפּעטאָרינס"
און „פאר אידען יורדים סתם":
„פאר עגונות, וועמעס מענער
„לעבען ערגעץ איבער'ן ים..."

יעדער צעטעל אין דער קערה
איז אַן אומגליק און געשריי:
יעדער אויפשריפט אין דער קערה
פלעגט דערמאנען וועגען זיי.

ביז די קערות פלעגען ענדליך
ווערען אנגעפילט מיט געלט,
אידען זיינען ווידער אידען
און די וועלט איז ווידער וועלט...

* * *

ווער זיצט היינט דארט ביי די טישען
מיט די קערות אלערליי?...
קענען דען מיליאנען קערות
לינדערן פון פאלק דעם וועה?

אך, פון אלע פיעלע קערות
איז געוואָרען איינע בלויז
מיט א לאנגען — רויטען צעטעל —
בלוטיג יעדער אות זעהט אויס.

און די קערה איז א גרויסע,
ווי דער חורבן פון דער וועלט:
און א הונגעריגער זקן
זיצט ביי איהר און שעלט און שעלט...

## נייע וואנדערער

ציהט א שטילע מחנה,
צווישען ביימער, צווייגען.
צווישען פעלדער וויסטע...
שרעק און שטיל, און שווייגען...

אין די צייטען אלטע
איז אזוי געוועזען.
אין די אלטע ביכער
האבען מיר געלעזען:

ביי די בבל'ס טייכען
זיינען זיי געגאנגען,
פידלען אויף די פאלמען
דארטען אויפגעהאנגען.

ניין... ניטא קיין פידלען!
דאס איז מעהר נאך שרעקליך —
אויף די פרעמדע ביימער
הענגען זיי בלויז פעקלעך...

## צו מיין פאָלק

מיין אָרעם פאָלק ישראל! איך קאָן דיר גאָרנישט זאָגען
איצט, אין דער ערגסטער פון דער מענשהייט'ס צייט:
איך קאָן ניט קוקען, ווי ישעיה, אזוי ווייט
און כ'קאָן, ווי ירמיה, אזוי ניט קלאָגען.

און ווי יחזקאל זעהן וויזיאָנען איז מיר שווער,
פון שרפים און אופנים הער איך קיין געווימעל:
מיר דאַכט זיך, אז ס'איז קיינער דאָ אין הימעל,
מיר דאַכט זיך, אז דער הימעל איז גאָר לעער.

ניט מיין, מיין אָרעם פאָלק, אז איך בין אזוי קליין.
און ס'קאָן מיין גייסט, ווי זייערער ניט שוועבען. —
ווען זיי אפילו וואָלטען איצטער לעבען,
דאַן וואָלטען זיי, ווי איך, דאָ גאָרנישט ניט פאַרשטעהן.

מען קאָן נביאות זאָגען אויף א לאַנד,
וואָס האָט א צווייטעס לאַנד אין קריעג דערשלאָגען:
דאַך קליינע קינדער אויף די שפּיזען טראָגען —
דערויף איז אויך א נביא ריידען ניט אין שטאַנד...

און ער אפילו, גאָט אין הימעל, ער אליין,
ווען ער וואָלט אויף אַן אמת דאָרט געווען,
און בלויז פון פייער וואָלט געווען זיין וועזען —
פאַר שרעק וואָלט ער פאַרלעשען זיך און ווערען שטיין...

## דאס ווארט

דאס ווארט האט קיין מאכט —
און וואס דו וועסט זאגען,
וועט קומען צוריק
פארשעמט און דערשלאגען.

פארשעהם ניט דיין ווארט
וואס קומט פון דיין הארצען —
פארזינק איהם, דערטרינק
אין אפגרונט אין שווארצען...

## איך שעהם מיך

איך שעהם מיך ארויסגעהן אין גאס —
און געה איך, באהאלט איך מיין פנים,
מען זאל ניט דערקענען מיין האס,
מיין האס צו דער וועלט מיט די שונאים.

און פרואוו איך דערהויבען מיין בליק,
כ'וויל גאט, ווי אמאל, עפּעס פרעגען —
מיין בליק קומט דערשראקען צוריק,
א ליידיגקייט שוועבט מיר אנטקעגען...

## ניט זאָגט...

ניט זאָגט: זיין ליעד איז גוט —
זיין ליעד איז בלוט!
ניט זוכט קיין וואָג, קיין מאָס
אין זיין געזאַנג:
מען זינגט ביי טויטע אָהן א מאָס
און אָהן א קלאַנג.
און ווער ס'טרינקט גיפט
דער קוקט ניט אויפ'ן שעהנעם כוס.
און זאָגט ניט אויך, אז ער איז גרויס...
באַוואונדערט איהם: ווי האַלט ער אויס...

## דער געלעכטער

טרערען קענען מעהר ניט ריהרען —
אַלע טויערען פאַרמאַכט;
איינער האָט עס דאָך פאַרשטאַנען
און דער איינער האָט געלאַכט!

ס'האָט געטראָפען, ווי א נבואה,
אין דער לאַנגער, פינסט'רער נאַכט:
ווען מען האָט צום טויט געפיהרט זיי
האָט זיך איינער הויך צולאַכט...

זיין געלעכטער, ווען די מערדער
האבן איהם צום וואנט געשטעלט,
האט פארקלונגען אלע לענדער,
זיך צוטראגען אויף דער וועלט.

אלעס איז שוין גוט באווארענט
און דער חשבון איז געעקט,
דאך דאס לאכען פון דעם קרבן
ווי א דונער פאלט און שרעקט...

ניט געוויינט האט אונזער קרבן —
מיר פארשרייבען עס אין בוך...
זיין געלעכטער וועט זיך טראגען
ווי א ווארנונג, ווי א פלוך...

ס'איז פארשפאט אויף ווייטע דורות
אייער ליעבע, אייער מאכט...
וועה דעם זיעגער ווען זיין קרבן
קוקט אין פנים איהם און לאכט!...

**חיינט..**

חיינט איז א נשיא געפאלען
נעבען דעם הייליגען לאנד:
האנט האט א ציטער געגעבען
יענע פארבליבענע וואנט.

האָף איך און וויין איך צוזאַמען.
איז מיר דאָ שלעכט און דאָ גוט:
ווידער מיין פאָלק ווערט געבוירען,
טרינקט זיך א וועלט אין איהר בלוט.

אייביג, מיר דאַכט, וועל איך טרויער'ן
אויף אַלע ברידערס פארגעהן:
דאַך ביי די הייליגע טויערן
וועקט עס און קלינגט אזוי שעהן.

עפּעס קומט פאַר... עס באגעגנען זיך
דורות מיט דורות אין גאַנג.
פלאַמען און נעבלען און דונערן —
און אין דער הויך א געזאַנג.

היינט איז א נשיא געפאלען
און מיט איהם טויזענדער פיעל — — — —
בעט איך און וויין איך צוזאמען.
קען נִיט מַיִין האַרץ נוערען שטיל...

## דער פרעמדער

איך געדענק אין דער היים.
איז געקומען א איד
און געקוקט האָט ער ווייט
און האָט אויסגעזעהן מיד.

און מיין טאטע האט דאן —
איך געדענק עס ווי היינט —
פאר גרוים נחת און גליק
אזוי ליכטיג געשיינט.

און דער איד איז געוועזן
אזוי ארים און קליין;
איך האב דעמאלט דעם סוד
נים געקענט גוט פארשטעהן.

כ׳וויים מיין טאטע איז רייך,
האט אן אייגענע הויז,
און ער פאהרט פון דער שטאדט
אזוי זעלטען ארוים.

און דער ארימער איד
איז געקומען פון וויים,
דאך דער טאטע ער זעצט
איהם אוועק ביי זיין זיים.

טא וואס האט ער אזוינס
אין דעם אורח דערזעהן?

— — — — — — — — — — — —

אה, פון ארץ ישראל
איז דער פרעמדער געוועזן...

## דאָס שווייגען

דאָס איז דאָס ליעד פון שוויינען
פאַר לאַנגע שווערע יאָהר:
עס דרינגט און זינגט נאָך העכער
פאַר אַלע ליעדער גאָר.

איך האָב דאָס ליעד פון שווייגען
אין בבל נאָך געהערט:
עס האָט אין האַרץ צוגליהט זיך
און האָט מיין רוה געשטערט.

איך בין דערנאָך געגאַנגען
אין לענדער פינסטער שוואַרץ.
איך האָב דאָס ליעד פון שווייגען
באַהאַלטען אין מיין האַרץ.

איך האַלט עס און איך היט עס
ביז וואַן עס קומט די צייט,
און ווען איך וועל עס זינגען
וועט זיין די וועלט באַפרייט.

## דאָס שוואַרצע בוך

כ׳לעז אַ בוך אַ נייעם
און עס שרעקט דאָס האַרץ,
ערשט פון דרוק ערשיענעז,
און דאָס בוך איז שוואַרץ.

שוואַרץ זיינען די טאָוולעז,
שוואַרץ איז אויך דער שריפט,
נאָר פון שוואַרצע ווערטער
רויטעס בלוט — עס טריפט.

איך באַטראַכט דעם שער־בלאַט,
איך באַטראַכט דאָס יאָהר:
לעז איך עס אין חלום —
אָדער אויפ׳ן וואָהר?

איז דאָס די היסטאָריע
פון דער באַרבעריי
אין דעם מיטעלאַלטער? —
ניין, דאָס בוך איז ניי.

(אַך, דער מיטעלאַלטער
ליכטיג האָט געשיינט
אין פאַרגלייך מיט היינט!)
אין פאַרגלייך מיט נעכטען,

ניין, ס'איז ניט געשיכטע,
דאס ערפּאהרסטו באלד,
דען די זקנים הענגען
**א י צ ט ע ר** נאך אין וואלד.

ניין. ס'איז ניט געשיכטע
פון די אלטע טעג:
ס'זוכען **א י צ ט** די קינדער
מוטערס אויפ'ן וועג.

און אויף קעפ פון ברידער
**נ א ך** דער חלף בליצט:
און געוויין פון שוועסטער
הערען זיך נאך **א י צ ט**...

ס'הערט זיך נאך דער יאמער
אויסגעמישט מיט בלוט:
ניין, פון **ה י י נ ט** געשריבען
איך דאס **ש ו ו א ר צ ע ב ו ך**.

האב איך איהם באהאלטען
אין מיין ביבליאטעק.
האבען אלע ביכער
זיך צורוקט פאר שרעק...

און אפילו יענער
פון די „גזירת־ת"ח",
האט מיט איהם געשעמט זיך
שטעהן דארט אין איין פאך...

## אין דער פריה

איך האָב מיר א צייטונג
געקויפט אין דער פריה:
געוואָלט, דאָך געצימטערט
צו עפענען זי.

דער טאָג איז א שעהנער,
די זון איז צו גאַסט:
אָז אַנזאָג א גוטער
וואָלט הײנט זיך געפּאַסט.

עס ווילט זיך ניט גלויבען
ביי זון און ביי שיין
נאָך זאָלען די מענשען
פאַרפינסטערט דאָרט זיין.

דאָך שרעק איך מיך אַלץ נאָך
צו עפענען זי —
עס איז מיר א שאָדען
די זון אין דער פריה...

## די פענסטער

איהר פענסטער מיינע, ליעבע,
פון אונזער אלטען הויז,
ווי וואלט איך וועלען וויסען
ווי זעהט איהר איצטער אויס.

איהר האט אויף אונזער וועלטעל
געקוקט, ווי פון דער הויך,
אויף געהער און אויף פאהרער,
אויף קליינע קינדער אויך.

און אלע גוטע שכנים
(וועל איך זיי זעהן צוריק?)
פלעגט איהר, ווי פריינד, באוואכען
מיט אייער ליעבען בליק.

עס האט מיין יונגע שוועסטער,
ווען ס'האט איהר וואס געדריקט,
דורך איי'רע קליינע שויבען
אין גאס ארויסגעבליקט...

עס האט מיין גוטע מוטער
מיט ליידענדען געזיכט,
דורך אייך באטראכט דעם הימעל
צי דארף מען בענשען ליכט...

עס האט צו אייך מיין פאטער
געטאן זיך אפט א ווארף,
ווען ס'האט געדאכט: א פויער
פיהרט תבואה פונ'ם דארף...

איהר פענסטער מיינע, ליעבע
פון אונזער אלטען הויז —
צי זענט איהר גאנץ געבליבען —
ווער קוקט דורך אייך ארוים?...

## ווינטען

עס זיינען אויך ווינטען פאראן אלערליי —
די איינע — פון נאהענטען לאנד קומען זיי.
זיי זענען ווי אייגענע — דאכט זיך, באקאנט
און ברענגען דיר בשורות פון ערגיץ א לאנד.

און ס'דאכט זיך, אז פריינד וועלען קומען צו דיר...
די ווינטען, די גוטע... זיי קלאפען אין טיר
זיי וועקען אין הארצען פון יוגענד די טעג
און זאגען דיר אז, אז דאס גליק איז אין וועג...

און עפענסטו פענסטער און טיר פאר זיי אויף,
זיי לעשען דאס ליכט ניט, זיי בלאזען עס אויף.
זיי בלאזען אויף פלאמען אין פינסטערער נאכט
און האבען דיך יונג און געזונט דיך געמאכט...

## ערינערונג

„ניין, זיי וועלען מעהר ניט קומען
יענע שטילע טעג,
יענע הויפּעלעך און בלומען
און דער שמאַלער שטעג.

און די פוהרען מיט די זאנגען
פון דעם פעלד פאַרנאַכט,
און די באַנגליכע געזאַנגען,
שטיל אזוי פארטראַכט.

יענער ברונעם מיט די קייטען,
זי דאָרט מיט דעם קרוג,
וואָס איהר בליק פלעגט מיך באַגלייטען
שעמעוודיג און קלוג...

יענע שטימע פון דער מאַמען:
גאָה אין שטוב אַריין!...
אלע שעהנהייטען צוזאַמען — — —
ניין, ס'וועט מעהר ניט זיין!...

## אין מיין גאס

אין מיין געסעל ווער עס שטילער
וואו איך וואוין אצינד:
און א טרויעריגער, קיהלער
וועהט ארום דער ווינט.

און א בוימעלע געבויגען
שטעהט אין זיך פארטיעפט
און א רעגענדעל געצויגען
קליינע טראפען טריפט.

ס'איז די היים, די ארימע, ליעבע
ניין, א פרעמדע לאנד,
דאך די קאלטע טעג, די טריבע
זיינען דיר באקאנט.

יאהרען לאנגע — ווייטע שטרעקען
האבען דיך צושיידט,
דאך דער זעלבער צער און שרעקען
נאגען שטילערהייט.

און א הינטעל ליעגט ביים טויער,
אטהעמט קוים פאר קעלט;
אומעטום דער זעלבער טרויער,
אומעטום איין וועלט.

## מיר דאכט...

מיר דאכט, איך בין א קליינער אינגעל,
איך האב ערשט אנגעהויבען לעבען:
די גאנצע וועלט איז בלויז דאס שטעדטעל
און שעהנערס קען פאר איהם ניט געבען.

מיר דאכט, איך בין א קליינער אינגעל
און בין נאך ערגעץ ניט געפאהרען,
און וואס איך האב געזעהן אין לעבען
איז ווי דורך כשוף ניט געווארען.

עס איז געבליבען בלויז דאס שטעדטעל,
א גאנצע וועלט מיט זיבען גאסען:
זיי ציהען זיך אין מיין זכרון
ווי זון־באשטראלטע, גאלדענע פאסען.

דער שול־הויף איז דער פלאץ דער שעהנסטער,
די שוהלען פיער — איך זעה זיי תמיד:
צוויי טויבען אויפ'ן ארון־קודש,
צוויי לייבען הויערן ביי'ן עמוד...

דאס טייכעל קלאר און ריזעלט פרעהליך
מען קען זיך אין זיין וואסער שפיגלען:
דער ווינט־מיהל איז דער גרעסטער וואונדער:
עס דרעהען זיך אליין די פליגלען.

דער ווייטסטער וועג — צום וואלד דעם גרינעם,
אהין שוין מוז מען געהן צוזאמען.
און הינטער'ן וואלד איז ענדע וועלט שוין
און ס'הויבען אן זיך ווייטע ים'ען...

## ביי'ם זיידענס הויז...

הינטער דעם הויז פון מיין זיידען
האבען זיך וועגען געצווייגען.
קינדערשע גליקען און פריידען
שוועבען מיר דורך פאר די אויגען.

פעלדער מיט ווייץ און מיט קארען
האבען געפינקעלט פון ווייטען.
בוימער געפלאנצטע זייט יאהרען
האבען געוואכט ביי די זייטען.

און גאר די פעלדער ארונטער
איז זיך א הייזעל געשטאנען,
איז מיר געוועזען א וואונדער,
כ'האב ניט געוואוסט גאר פון וואנען.

שטיל איז דער דרויסען געלעגען
פונקט ווי אין דרימעל אין זיסען,
פאהרט דורך א פויער פון וועגען —
פלעגט איהם דער זיידע באגריסען.

פלעגט ער איהם פרעגען: וואס האט איהר?
רופט ער אוים שטאלץ זיינע סחורה:
פרעגט ער דעם זיידען: וואס באט איהר?
ענטפערט דער זיידע אהן מורא.

ציימען געוועזן זיינען שטילע,
יעדער האט גוט זיך פארטראגען:
יאנעק דער גזלן אפילו
האט זיך דאן קיינמאל געשלאגען.

מארפא, די שכנה, די גויה,
אידיש געקענט האט זי ריידען, —
שטיל און פארשעמט, מיט הכנעה,
פלעגט זי אריין צו מיין זיידען.

איז עס אום שבת געפאלען,
האט מען איהר חלה געגעבען:
פלעגט זיך איהר פנים צושטראלען,
ווינשען אונז: לאנג זאלט איהר לעבען.

פלעג איך מיר שטעהן און באטראכטען:
מאדנע! א גויה עסט חלה...
און עס פלעגט נאכדעם מיר דאכטען,
מענשען דאך זיינען מיר אלע...

## איך געדע

איך געדענק אייך אלע
פריינד, פארוואָרפ׳נע ווייט:
כאָטש עס טיילט און קיהלט מיך
אָפּ דער רוים און צייט.

כאָטש איך בין אַז אנד׳רער
אויפ׳ן ערשטען בליק,
לעב איך אלץ נאָך שטענדיג
מיט דעם שטילען גליק...

וואס געלעבט האָט נעכטען
איז געשטאָרבען היינט,
אבער אייביג לעבען
אלטע טעג און פריינט.

כאָטש איך זיץ מיט מענשען
און פארדרייד מיין לייד,
הער איך דאָך פון ווייט
בלויז פון אייך די רייד.

כאָטש איך וואנדעל שטענדיג
צווישען רויש און דראַנג —
רוהט מיר דאָך אין הארצען
אייער ווייט געזאַנג.

און וואס מעהר דאס לעבען
ווערט מיר ענג און שווער —
נעהענטער און בעסער
זעה איך אייך און הער...

## די איבערגעבליבענע

זיינען פיעל צולאפען, פיעל האט מען צוטריבען,
פון דער גאנצער קהילה, נייןצעהן בלויז געבליבען
אבער מיט די נייןצעהן אידישע פאמיליען
איז דער רב געבליבען, זייער צער צו שטילען...

אלע הייזער חרוב נאך די גרויסע שלאכטען,
וואו דעם קאפ צו לעגען, הויבט מען אן צו טראכטען.
גיט מען זיך אן עצה, שטעלט מען אויף געצעלטען,
זיך ביינאכט צו שיצען פון די בייזע קעלטען.

אבער קליינע קינדער געהען אום אהן תורה,
דא באפאלט די עדה טיעפע אנגסט און מורא.
געהען זיי און קלערען — ניט פון טרינקען, עסען —
אז עס זאלען קינדער גאט'ס־ווארט ניט פארגעסען.

הונגעריגע אידען הויבען אן צו פרעגען:
וויפיעל איז געבליבען יעדערענ'ס פארמעגען?...
לעגט מען זיך צוזאמען א מלמד דינגען —
אין א וויסטער חורבה קינדער־קול'כלעך קלינגען...

האט די אר׳מע עדה אי א רב און רבי׳ן —
זיינען זיי שוין זיכער, אז זיי וועלן לעבען...
אבער קומט אן אורח ווען צו זיי אין שטעדטעל,
האט ער ניט קיין אפרוה, האט ער ניט קיין בעטעל.

אך, דער צער פון אורח — ס׳איז דער עדה׳ס וועהטאג,
אז הכנסת אורחים איז אין שטעדטעל נויטיג:
הויבען אן די הערצער ריהרען זיך און ריהרען —
און די אר׳מע נייגצעהן ווערען אלע גביר׳ן.

לעגט מען זיך צוזאמען, ווערען גרויסע סומען:
שטעהט א הויז פאר אורחים, יעדער איד מעג קומען!
דאכט זיך, אז א בת־קול לאזט פון דארט זיך הערען:
יעקב׳ס וואוינונג קיינמאל וועט ניט חרוב ווערען...

## אלע מאל

אלע מאל, אלע מאל
אין מיין פענסטער דער ווינט —
ער דערמאנט, ער דערצעהלט
און ער שרעקט, ווי א זינד.
זאגט, ווער איז און וואס וויל
ער, דער ווינט?

נאך אין קינדהייט אמאל,
ביי מיין פאטער אין הויז:
נאך אין קינדהייט אמאל,
ביי מיין מאמען אין שוים —
פלעגט מיין שרעק פאר איהם זיין
אזוי גרוים.

ער באזיצט אזא קראפט
און ער יאגט אזוי שעהן,
קומט פון פעלדער ארוים,
קומט אין שטאט אפט צו געהן,
און איז שטענדיג פאריאגט
און אליין.

און מיט מיר וואס וועט זיין? —
האב איך דאן זיך פארקלערט.
איך האב אפשר געפיהלט,
עס וועט זיין מיר באשערט,
איך זאל זיין ווי א ווינט
אויף דער ערד...

## פאַרנאַכט אויפ'ן פעלד

פידלען, פידלען שפּיעלען
ערגעץ, ערגעץ־וואו...
מעלאַדיען קיהלען,
גלעטען דיך מיט רוה.

ווייטע גלאָקען קלינגען
מיט א שטילען פּיין,
און די טענער דרינגען
אין דיין הארץ אריין.

פידלען, גלאָקען, ליעדער
וועקען טיעפען וועה:
רופען פריינד דיך ווידער?
זעגענען זיך זיי?

רויטליך, א געבלומטער
איז דעם הימעל'ס זוים:
שטעהסטו א פארשטומטער
און דו וואכסט אין טרוים.

גלאָקען, גלאָקען קלינגען
הינטער גרינעם וועג:
און אין הארצען זינגען,
זינגען יונגע טעג...

## אין טרויעריגע טעג

אין טרויעריגע טעג
מוז מען נאך שטומען;
דאס וואס מען מעג —
טויג פאר'ן דומען.

שנייד מיין הארץ שנעל,
נעהם דארט ארויס
אלץ וואס איז העל,
אלץ וואס איז גרויס.

טראג עס דורך נאכט,
דורך חושך געדיכט:
זאג: כ'האב געבראכט
טרייסטונג און ליכט...

## איינזאַמע אָבענדען

איינזאַמע אָבענדען! איינער אַליין.
קענסטו די סודות, די טיעפסטע דערגעהן:
קענסטו די צייט, וואָס געווען און וועט זיין
ברענגען צו דיר אין דיין צימער אַריין.
גאַרנישט פאַרבאָרגען איז דעמאָלט פאַר דיר,
און צו דער אייביגקייט אָפען די טיר...

איינזאַמע אָבענדען! איינער אַליין,
ווערט דיר דאָס האַרץ אַזוי לויטער און ריין.
טראַכסטו ווי קורץ איז דער טאָג גאָר געווען,
לאַכסטו פון אַלץ, וואָס דיין אויג האָט געזעהן.
הויבסט אָן באַטראַכטען דאָס לעבען פון זיי,
טוט דיר דאָס לויטערע האַרץ אַזוי וועה...

איינזאַמע אָבענדען! קוקסט נאָר אין זיך
שעפּסטו דאָס שענסטע אַרויס פון דיין איך,
צייגסטו עס קיינעם ניט... מאַכט מען קיין שפּאַס,
לאַכט עס ניט אויס די פאַראַרימטע גאַס.
קוקסטו פון פענסטער אַרויס צו דער נאַכט —
האָט דיר דער הימעל אַ יום־טוב געמאַכט...

איינזאמע אבענדען! זייט מיר געליבט,
גליקליכע שעה, ווען דער שלאף איז גערויבט.
גליקליכע שטונדען פון וואכען אליין —
הויבסטו דאס לעבען אַז טיעפער פארשטעהן.
פאלען די מאסקעס און שלייערס אוועק,
זעהסטו אלץ אפען און פיהלסט ניט קיין שרעק...

## וועלט-טרויער.

איך בין געגאנגען אין דעם שטילען פעלד, —
עס האט דער צער מיך ווייט געטריבען,
ביז וואנען איך בין שטעהן געבליבען,
איך האב דערהערט דעם טרויער פון דער וועלט.

ס'איז שטיל געוועזען, דאך איך האב געהערט
ווי עמיצער איז שטיל ארומגעגאנגען
און פול געווארען איז די לופט מיט קלאנגען,
און שטיל געטרויערט האט די גאנצע ערד.

און אַט איז נאכט געווארען, די לבנה הויך —
איך וויים ניט ווי אזוי, פון וואנען,
איז אויפ'ן הימעל ציטערדיג געשטאנען
און האט געטרויערט, דאכט זיך, אויך.

און וואס די גאנצע וועלט האט דורכגעלעבט,
אין אלע איהרע צייטען דורכגעליטען, —
האט שטיל פארביי מיר דורכגעריטען,
און דורכגעקלונגען, דורכגעשוועבט...

## פערלען מיינע

א, איהר פערלען מיינע,
וואו זיינט איהר פארבליבען ?
זאגט, איהר פערלען מיינע,
ווער האט אייך געקליבען ?

אין די ווייטסטע ערטער,
צווישען פעלד און קוואלען,
דארטען זייט איהר אלע
איינציגווייז צופאלען.

אין די טיעפסטע תהומ׳ען,
צווישען גאט און שטן,
ליעגט איהר, פערל מיינע,
איינציגווייז צושאטען.

איך וועל לאזען געהן זיך
איבער לענדער, ים׳ען,
זוכען מיינע פערלען
קלייבען אייך צוזאמען.

איצטער וועל איך וויסען
וועמען אייך צו שענקען,
אז זיי זאלען אייביג,
אייביג מיך געדענקען.

## איינס

און ווער ס'פארשטעהט ניט מיך —
פארשטעהט ניט זיך,
און פרעמד זיין אייג'נער צער —
דער איז א נאר.

דעז, מענש, פארשטעה און הער —
ווייל איך און דו און ער,
מיר זיינען אלע איינס,
בלויז איינס, ניט מעהר!...

## אמאָל איז

אמאָל איז א מוזע געווען,
אמאָל איז געווען א פּאַרנאַס.
אַ פערד איז געוועזען אַ פלינקער —
דער פליהענדער יונגער פּעגאַז.

אמאָל איז געוועזען אַ לירע,
אַ פיעדעל, אַ האַרפּע דערצו:
עס האבען געלעבט יענע דיכטער
אין צייטען פון שענקייט און רוה.

זיי האבען געלעבט אפּגעזונדערט,
געוויזען זיך קיינמאָל דער גאַס.
געגלויבט האבען דעמאָלט די מענשען,
דער דיכטער באוואוינט דעם פּאַרנאַס.

היינט זיינען די גליקען די אלע
פארשוואונדען — די האַרפּע איז שטום:
די מוזע, אזוי ווי די שכינה,
זי וואַנעלט אין גלות ארום.

און ווען איצט פארבענקט זיך א דיכטער
און רופט אַן איהר נאָמען אמאָל,
די יונגען פון מאַרק און קאַפּעען
צולאַכען זיך הויך אויפ׳ן קול...

## וואַך אויף!

וואַך אויף, וואַך אויף מיין האַרץ
אין גראָהע, טריעבע טעג:
איך האָב דורך וואָלקען שוואַרץ,
דערזעהן אַ העלען וועג.

די זון איז ערגעץ וואו,
און מעגען טרייבען זי
די וואָלקען אָהן אַ רוה —
זי קומט דאָך שפּעט, צי פריה.

וואַך אויף מיין האַרץ, וואַך אויף,
ניט שלאָף אויף שטענדיג איין:
איך האָב געקוקט אַרויף
און האָב געזעהן אַ שיין.

מיין בליק האָט הויך געשוועבט
אַריבער רויך געדיכט,
און האָב געזעהן — זי לעבט
און איז די זעלבע ליכט...

(נאָך פּ. סאָלאָגוב)

אלע די ווערטער ביי אייך
האבען מיך לאנג שוין דערעסען:
ציהט מיך צום וואלד און צום טייך —
וואלט איך דארט אלעס פארגעסען.

וואלט איך געזעסען דארט טעג,
הערען פון אינדען דאָס שוימען,
ווי זיי דערצעהלען דעם ברעג
מעשיות פון ליעבע און טרוימען...

## באפרייאונג

1.

אַ, ניין, איך בין ניט דער!
טאַ ווער־זשע בין איך, ווער?
— אַן אנדערער, א נייער,
א שטילער און א פרייער,
פון זיך אַן אויסגעלייזטער,
און זיך אליין א טרייסטער,

אַ, ניי, איך בין ניט דער
איך וויל שוין גאָרנישט מעהר
נאָר רוה און זיין אליין
און זיך אליין פאַרשטעהן.

ניין, ס'איז ניט דאָס, וואָס מיר ווילען
און דאַרפען ניט דאָס, וואָס מיר זוכען;
מיר ליעבען גאָר דעם, וואָס מיר האַסען,
מיר בענשען גאָר דעם, וואָס מיר פלוכען.

ניין, ס'איז ניט דאָס, וואָס מיר זאָגען,
און איבעריג אַלץ, וואָס מיר טוען;
ווי וואָלט איך שוין וועלען פון שווינדעל
פון פרעמדען און אייגענעם — רוהען!

א שעה נאָר אין עכטקייט צו לעבען
און הויך זייער ליגען פאַרשרייען!
עס וואָלט אויף מיר ברענגען אַן אונגליק,
עס וואָלט אבער אויך מיך באַפרייען...

## ניט זאָג...

ניט זאָג, ניט דערצעהל
דיין צער און דיין וועה:
דיין פריינד — ניט פארשעם,
דיין פיינד — ניט דערפרעה.

א פריינד, אויב דו האסט,
איז הילפלאָז אליין,
א פיינד, ווען ער ווייס,
וועט ווארפען א שטיין...

## איך בין דער הערבסט

איך בין דער הערבסט
און קלוג, ווי ער,
געליעבט, געלאכט,
און וואס נאך מעהר?

איך בין דער הערבסט,
און יעדע בלום,
אזוי ווי ער,
באטראכט איך שטום.

איך בין דער הערבסט
און וויל, ווי ער,
אביסעל זון
און גארנישט מעהר.

## בעטראָגען

איך פיהל מיך בעטראגען
און וויים ניט פון וועמען:
כ'וויל אימיצען קלאגען
און וויים ניט די נעמען.

איך האב מיט א פריינד זיך
אויף אייביג געזעגענט —
ווער האט עס געגריסט מיך?
איך האב איהם באגעגענט...

איך זוך נייע וועגען,
איך האב זיי געפונען:
מיר דאכט, אויך דא האבען
שוין טרערען גערונען...

## א, לייטער

א, לייטער זיך, הארץ מיינס, א לייטער זיך אוים!
קיין אויסגאנג ניטא אויף דער ערד.
דער צער פון דער וועלט איז אונענדליך און גרויס —
דיין אייגענער צער האט קיין ווערד!

וואס זוכסטו? צי קענסטו געפינען דען רוה,
ווען ס׳בלאנזשעט די מענשהייט אהן זין?
און וועסטו געפינען דאס גליק ערגעץ וואו —
דאס אונגליק וועט גרייכען אהין.

און ווען עס זאל ווערען די מענשהייט באפרייט
פון גאר אל דאס בייז און דעם פיין,
נאר איינער וועט זיין ערגעץ וואו, וואס ער ליידט —
וועסט דו קענען גליקליך דען זיין?

## שעהנע הערבסט־טעג

שעהנע הערבסט־טעג — איהר זענט ליעבער
פאר דעם לאנגען זומער:
אנגענעהם איז יעדער שטראהל אונז,
מיט זיין שטילען קומער.

רוהיג קענען מיר ביי'ן פענסטער
לאנג מיט אנדאכט זיצען ;
און דער הימעל וועט ניט שרעקען
מעהר מיט זיינע בליצען.

און דער בוים, וואס שטעהט אנטקעגען,
מיט פארטראכטער מינע,
פיהלט זיך גליקליך וואס ער האט נאך
צוויי־דריי בלעטער גרינע.

און דאס פליגעלע דאס לעצטע,
וואס איז נאך געבליבען,
טרייבען מיר ניט מעהר — מיר הויבען
אן עס ערשט צו ליעבען.

און דאס רוישען פון די קינדער,
וואס עס דרינגט פון ווייטען,
זאפען איין מיר אין די הערצער
אויף די שפעטסטע צייטען.

און געדאנקען טיעפע קלוגע
ציהען זיך און וועבען
און אין הארצען זינגט און קלינגט עס :
לעבען ! לעבען ! לעבען !...

## דער פילאָזאָף

געלעבט און געוועזן איז א פילאזאף —
ער האט זיך געגריבעלט, געגריבעלט אהן סוף.
א חבר א פשוט'ען האט ער פארמעגט,
האט יענער איהם צעהנדליגער פראגען געפרעגט.

„פאר וואס ווערט די וועלט דא געפיהרט אזוי שלעכט:
א קעניג איז איינער, דער צווייטער א קנעכט?"
— דו שטעלסט מיר די פראגע צו איינפאך — צו פלאך:
נעהם טיעפער, נעהם טיעפער די דאָזיגע זאך...

„און איז ניט קיין חרפה און איז ניט קיין שאנד:
צו וואס וויל איין מלוכה אלץ מעהר און מעהר לאנד?"
— דו מיינסט דאך מלחמות... פארשטעהן ביזטו שוואך —
נעהם טיעפער די פראגע, נעהם טיעפער די זאך...

„און וואס איז פון לעבען דער תכלית און ציעל:
מען האוועט, מען יאגט, מען באגעהרט און מען וויל"...
— אך, דאס איז שוין, ברודער, א שווערער באגריף —
נעהם טיעפער די פראגע... די זאך, איז צו טיף.

„און וואס איז די ליעבע... וואס ציהט עס אזוי
די פרוי צו דעם מאן און דעם מאן צו דער פרוי"...?
געענטפערט האט דער פילאזאף אויך אויף דעם:
— נעהם טיעפער! ווייל דאס איז א טיעפע פראבלעם!

אזוי זיינען יאהרען געשוואונדען אלץ מעהר,
געפרעגט האט זיך יענער, געענטפערט האט דער...
ביז וואנען איינמאל אין א פינסטערער נאכט
האט דער פילאזאף זיינע אויגען פארמאכט...

געגראבען א גרוב האבען קברות־לייט צוויי —
דער חבר געשטאנען איז הארט נעבען זיי...
און ס'האט זיך געדאכט איהם אזוי ווי ער הערט
א שטים פון דעם טוידטען: גראבט טיעפער די ערד...

## א טריענק ליעד

טרינק, מיין ארמער פריינד,
זעה, דער ווייז ער שפיגעלט!
שעדליך אדער ניט —
זיך גענוג געקליגעלט.

זיך גענוג געהיט
און געלעבט אין קומער:
צוליעב שרעק פאר הערבסט
אפגעוועלקט דיין זומער...

און דיין לעבען איז
אזוי גרוי געווארען:
זאל דער רויטער וויין
פארבען דיינע יאהרען.

זאָל דער רויטער ווײַן
מיט דײַן אומעט ענדען,
און דעם שרעק פון האַרץ
ברענען און פאַרלענדען!

## זינג

זינג, נשמה, זינג!
פרעהליך אדער באַנג —
לעבען איז א ליעד,
לעבען איז געזאַנג.

זינג, נשמה, זינג,
זינג אין לעבענס־גאַנג,
בלומען אדער שטויב —
לעבען איז געזאַנג.

זינג, נשמה, זינג!
קורץ דער וועג, צי לאַנג —
ס'ענדיגט סיי ווי סיי
ווי א ווייט־געזאַנג...

זינג, נשמה, זינג!
לעבען הייסט — געזאַנג,
און דער טויט וועט זײַן
בלויז דער ווידער־קלאַנג...

## אויף די פעלדער

רוה און שטילקייט אויף די פעלדער,
אונטען גרין און אויבען קלאהר.
זעלטען, זעלטען זינגט א פויגעל,
אפגעריסען זיך פון כאר.

ווייל ניט מישען זיינע טרעלען
מיט אן אנדערענס געזאנג,
זינגט ער זיך אליין ביחידות
מיט א זילבער העלען קלאנג...

---

ביי די זייטען שטעהען בוימער
אויסגעפלאכטען ווי א קייט:
נאר איין בוים — ער שטעהט באזונדער,
האט פון זיי זיך אפגעשיידט.

קוקט מיט שטאלץ אויף זיינע ברידער:
ווי געבונדען, ווי געענגט!
אבער אז עס קומט דער אווענט,
ווערט ער טרויעריג און פארבענקט.

## פארשפעטיגט...

פארשפעטיגט האט דער ווייסער שניי
אין אונזער לאנד צו קומען:
עס וויל אויף אונזער שויב דער פראסט
ניט אויסמאלען קיין בלומען.

אין הויז איז אומעטיג און טריב —
די פענסטער — קאלט און טרוקען:
דו קענסט דורך זיי ארויסזעהן אלץ,
עס ווילט זיך דאך ניט קוקען.

אין גאס איז אומעטיג נאך מעהר
אין גראהע טעג און קיהלע:
דער הימעל לאנגווייליגט זיך הויך,
די מענשען געהען שטילע.

איך בענק נאך פראסט און בענק נאך שניי,
נאך ווייסען שניי און ווייכען:
צו הערען פון די טריט א קלאנג,
צו זעהן פון זיי א צייכען...

## ווי גוט

ווי גוט עס איז צו געהן אין גאס
מיט קליינע, לייכטע זארגען:
און ווער עס קומט אנטקעגען דיר —
דו זאגסט איהם: גוטער מארגען.

דו וואוינסט אין גאס א לאנגע צייט,
האסט זיך געקריגט מיט קיינעם:
און יעדערער — א גוי, א איד —
זיי זיינען דיינע שכנים.

די הייזער זיינען ניט צו הויך,
די קעפ — ניט צו פאררייסען:
און יעדער ענטפערט פריינדליך דיר
אויף אלע דיינע גריסען.

די זון אליין, זי קומט צוגעהן,
איז דאכט זיך אויך א שכנה:
זי לויכט אראפ און קוקט אראפ
מיט בליקען ליעבע, ריינע.

ניטא קיין האס אין אונזער גאס,
די קינדער פריינדליך שפּילען,
א הונט אמאל ווערט בייז אמאל
און הויבט אן פּלוצים בילען...

## א געדאנק

ס׳האָט מיך א געדאנק וואונדערליך באַהערשט:
וואס וואָלט דאָס געווען, ווען עס טרעפט א נס —
עס פארשווינדט די צייט — כ׳בין געבוירען ערשט,
וואס געווען בעפאָר, טויט איך און פארגעס.

געה איך מיר ארוים ס׳ערשטע מאָל אין גאס,
זעה איך געהט א מענש, פונקט אזוי ווי איך, —
ווייס איך ניט פון פרעמד, ווייס איך ניט פון האס, —
און אנטקעגען איהם לאָז איך מיך אויף גיך.

זאָג איך: ברודער דו, לאָמיר געהן ביינאנד:
ווער איך הונגעריג — זאָג איך דאָס איהם גלייך.
ווייס איך ניט פון שטאָלץ, ווייס איך ניט פון שאנד,
פרעמד איז מיר דאָס ווארט „ארים" אדער „רייך".

קוק איך אין דער הויך, זעה איך גאָלדיג-בלוי,
פרעג איך: וואס דאָס איז, אזוי העל און ריין?
ענטפערט מיר דער מענש: ס׳לויכט די זון אזוי.
רוף איך אויס מיט פרייד: העי, ווי גרויס און שעהן!

ווייס איך ניט וואס גוטס, ווייס איך ניט וואס פרום,
אַלע זיינען שעהן, יעדער מיר געפעלט:
וואו איך ווענד מיין בליק — שעהן איז אומעטום —
גרים איך יעדערן און די גאנצע וועלט...

## אין טונעל

געהען באהנען אונטער דר'ערד,
פול מיט שרעק איז מיין געמיט:
ווארפט עס מיך אהין, אהער
און דעם פיהרער זעה איך ניט.

וואו איך קעהר זיך מיט מיין בליק
ביז איך צווישען ענגע ווענט:
פינסטערקייט אין יעדער זייט,
וואו ניט וואו א לעמפעל ברענט.

ווען אן אומגליק טרעפט זיך דא —
ווער באשירעמט און באהיט?
ווי זשע וועל איך דאן ארויס?
און דעם פיהרער זעה איך ניט...

פאהרען פאהר איך צו א ציעל:
ערגעץ דארף איך גליקליך זיין —
געהען באהנען אונטער דר'ערד
און מיין הארץ — פול שרעק און פיין.

וועל איך אויף דער ליכט ארויס,
לאזען זיך מיט פעסטע טריט?
געהען באהנען אונטער דר'ערד
און דעם פיהרער זעה איך ניט.

# אווענט אויפ׳ן לאנד

1.

אין דער שטאדט ביזטו א קלוגער,
מיט א גרויס פארשטאנד:
אבער ווי דער־ זאקען ווערסטו
אווענט, אויפ׳ן לאנד...

ווי דער וועג איז שמאל און פינסטער! —
ווייסט ניט ווי ארויס;
צינדסטו אן א לעמפעל — לעשט עס
גלייך א ווינטעל אויס.

הודזשעו בוימער פון דער ווייטען
און עס בילען הינט,
ווערסטו ווי א חדר־אינגעל,
שרעקסט זיך ווי א קינד.

הערסט א פליגעלע עס זשזעט
און עס פליהט אוועק,
טראכסטו: אט דאס קליינע פליגעל
ווייס ניט וואס איז שרעק!

ווערט דיר טרויריג אויפ'ן הארצען,
באנג אזוי און שווער.
און פון אלע דיינע לעהרען
ווערט אין קאפ דיר לעער.

2.

ווייטע, ווייטע הייזעלעך
שטעהען אויפ'ן פעלד...
יעדעס הויז א פייערעל,
יעדע ליכט — א וועלט.

ווייטע, שטילע פייערלעך
ווינקען פריינדליך צו...
ווייטע וועלטען — גליקליכע —
ניט אזוי ווי דו...

אויף א בארג מיין הייזעל שטעהט,
לויכט עס פון דער הויך:
מיינען דארטען אלע זיי;
איך בין גליקליך אויך.

לאזען יענע זיך צו מיר,
לאז איך מיר צו זיי:
און ווען מיר באגעגענען זיך
טוט אונז אלע וועה...

## א מיעדער טאג

א מידער, מאטער טאג
אין פענסטער קוקט אריין;
איך קוק איהם אן און טראכט:
ווי אלט דער טאג מוז זיין!

איך מאך די אויגען צו,
און טראג זיך אין איך יאג
אין יענעם ווייטען לאנד,
וואו יונג איז יעדער טאג.

און כאטש איך וויים, דארט זיין
בין קיינמאל ניט אין שטאנד,
דאך ווארימט מיך שוין דא
דער טאג פון יענעם לאנד.

איך זעה די הימלען בלוי,
און פיהל דעם ליעבען שיין;
כ'דריק פעסט די אויגען צו,
אום לענגער דארט צו זיין...

## אַ געשריי

אַפּטמאָל הערסטו אַ געשריי
גאָר אין מיטען נאַכט;
וועקסט זיך אויף און קוקסט זיך אום —
ס'האָט דיר בלויז געדאַכט.

לעגסט באַרוהיגט זיך צוריק —
שלאָפען דאָך איז שווער:
ס'האָט געשריען אימיצער,
נאָר דו ווייסט ניט ווער...

## צוּ גאַסט

ווען איך לעב צו לאַנג ביי'ן היינט,
קריג איך גאָר ראַס לעבען פיינט.
אומעטיג אַזוי און טריעב —
און דאָס לעבען איז ניט ליעב.

אימער איז דער היינט צולאַסט,
ווילט זיך פאָהרען גאָר צו גאַסט:
צו דעם נעכטען אויף אַ צייט,
צו די גוטע, אַלטע לייט.

טראַג איך זיך אריבער שנעל...
אַט איז שוין דעם נעכטענס שוועל;
איך פאַרוויַיל דאָרט איין מינוט
ווערט מיר טרויעריג, ניט גוט...

ס'איז קיין פרייד ביי איהם ניטאַ...
נו, עס איז אַ מאָרגען דאַ
ערגעץ וויַיט, און ערגעץ וואו —
קום איך אויך צום מאָרגען צו...

„מאָרגען, מאָרגען, לאָז אריין,
כ'וויל אביסעל גליקליך זיין!
עפען אויף דיין שווערע טיר —
כ'וויל אביסעל זיין ביי דיר"...

ציהט אַ שלאָס זיך וויַיט אוועק,
און עס פאַלט אויף מיר אַ שרעק:
ווער קען וויסען ווער דאָרט וואוינט,
ווער קען וויסען, צי עס לויהנט!...

ביז איך מוחל מאָרגענס גליק,
און איך לויף צום היינט צוריק...
ווער איך פרעהליך, ווער איך קלוג —
ווערט דער היינט מיר גוט גענוג...

## צווישען פרעמדע

דו זיצסט צווישען פרעמדע לייטען,
דו זיצסט מיט זיי טאָג אוים, טאָג איין:
זיי זאָלען אַלע פריינד דיר זיין,
דאָך פיהלסטו זיך אזוי פון ווייטען.

מען רעדט א סך, סיי וואהר, סיי ליגען:
פון פרעמדען אונגליק, פרעמדען גליק,
פון גרויסע פעלקערס פּאָליטיק —
דיין אייגען לעבען ווערט פארשוויגען.

דו וואָלסט אמאָל געוואָלט דערצעהלען
פון דיינע אלטע־יונגע טעג.
און פון דיין שיף אין ווייטען וועג —
דאס בלייבט ביי דיר אין הארץ פארהיילען.

אזוי געהט יעדער טאָג אריבער,
דער גאנצער טאָג, די האַלבע נאַכט...
דו געהסט אהיים פארקלערט, פארטראכט —
דו טראַכסט דאס אפּגעלעבטע איבער...

און קומענדיג אין גאַסען שטילע
פארשעהמסטו זיך פאר זיך אליין
און וואָלסט זיך לאָזען ערגעץ געהן,
און קניהען ערגעץ פאר א שטיין,
און אויסגיסען פאר איהם דיין תפלה...

## איך הער אין גאס...

איך הער אין גאס א רוישען,
דאס איז דער רויש פון לעבען:
דאס לעבען איז אין דרויסען,
מיין צימער איז דערנעבען...

עס שפּילען הויך די קינדער
און פוהרען פאהרען, פאהרען...
עס דרעהען זיך געשווינדער
פאר מיר די יונגע יאהרען.

איך הער אין גאס א טומעל
דורך האלבע אפענע פענסטער:
איך זעה ארויס דעם הימעל —
עס איז דער טאג דער שעהנסטער!

עס איז דער סוף פון זומער...
די קינדער שפּילען דרויסען:
איך ליג אין האלבען שלומער
און בין שוין גאר נישט אויסען.

איך זעה די זון געהט אונטער
און דרויסען ווערט שוין קיהלער:
די קינדער שפּילען מונטער,
די פוהרען פאהרען שטילער...

## דער שטיין־קריצער

אין רוישיגער גאַס,
וואו ס'ליאַרעמט און שרייט —
א שטיין־קריצער שטעהט
און ארבייט ביי'ן זייט.

ער ארבייט ביי'ן שטיין
מיט פלייס און מיט אייל,
און האַקט אין איהם אויס
א צייל נאָך א צייל.

עס געהען פארביי
פארביינעהער פיעל,
אין קיינער פארשטעהט
פון לעבען דעם ציעל...

נאָר זעהט ווער דעם מאַן,
וואָס ארבייט ביי'ן שטיין,
באַטראַכט ער זיך דאַן —
נעהמט לאַנגזאַמער געהן ..

## די זינד

עפּעס דריקט אויף מיר א זינד,
כ'ווייס ניט ווער איז זי באַגאַנגען:
איך אליין, דאָס שוואַכע קינד,
אָדער דורות — לאַנג פאַרגאַנגען?

אָדער גאָר דער האַר אליין,
וואָס האָט אלע אונז באַשאַפן,
האָט געטאָן די זינד באַגעהן
אום דערנאָך אונז צו פאַרשקלאַפן?

אָדער יענער טייוועל דאָרט,
אין די חושך'דיגע גרונדען,
איז געוועזן אויף מיין אָרט,
און איז לאַכענדיג פאַרשוואונדען?

עפּעס דריקט מיר אַזוי שווער
און איך פיהל מיך, ווי געפאַנגען:
ס'איז א זינד באַגאַנגען ווער,
כ'ווייס ניט ווער איז זי באַגאַנגען...

## איבער

איבער יעדענס מענשענ׳ס מזל
הענגט א וואלקען שווער:
נאר דער מענש — ער קען ניט קוקען:
ס׳איז א זון מיינט ער.
לעבט ער גליקליך און צופרידען,
מיינט: עס לויכט די זון:
ביז עס ברעכט ארויס דער שטורעם —
קען ער גאר ניט טון...

איבער יעדענס מענשענס מזל
הענגט א גרויסע ליכט:
נאר דער מענש — ער קען ניט קוקען:
קנייטשט ער ראָס געזיכט.
ציטערט ער אלץ פאר א שטורעם,
היט זיין גליק, א קליינס...
און דערזעהט ער ענדליך: ליכטיג! —
איז איהם שוין אלץ איינס...

## דער ענטפער

עס איז א באקאנטער געשטארבען —
איך בין איהם באגלייטען געגאנגען —
עס האבען איין הארץ זיך געלאשען
ביי מיר דעמאלט אלע פארלאנגען.

איך האב געוואלט אימיצען טרייסטען
און האב ניט געהאט וואס צו זאגען:
די הענט אויפ'ן הארצען פארלעגטע,
געגאנגען בין איך נאך דעם וואגען.

און ווען מיר האבען באגעגענט —
זיי האבען געקוקט ווי דערשראקען:
די טריט זיינען שטילער געווארען,
ווי יעדער וואלט אומגעהן אין זאקען.

צוריקוועגס האט ווער מיך געטראפען,
און האט מיך געפרעגט: נו, וואס הערט זיך?
איך האב ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן —
בלויז „גאר־נישט" — און האב שטיל פארקלערט זיך...

## פאר טאג

עס איז שוין באלד פאר טאג געווען —
איך בין זיך שטיל אהיים געגאנגען.
א גוטסקייט האט מיין הארץ געפאנגען
און האב די גאנצע וועלט געזעהן.

איך האב באמערקט — ס'ווערט פינסטערער:
פון וואס זאל פינסטערער עס ווערען?
אהא! מען לעשט אוים די לאמטערען —
ווער לעשט זיי אוים? טשיקאווע — ווער?

עס איז א מענשעלע א קליינס:
האט עפּעס איז דער האנט געהאלטען
און מיט א בייזען בלאז און קאלטען
געלאשען האט ער איינס נאך איינס.

מיין גליק איז דאן געוועזען גרוים;
ווען איך פארשלאף ווי אלע נארען,
וואלט איך דאך קיינמאל ניט ערפאהרען,
ווער ס'לעשט פאר טאג לאמטערנעס אוים...

## ווער זיינען זיי?

וואס טראכטען די, וואס מיר באגעגענען
ווען ס'לויפט דער צוג אין וועג אמאל,
אין זייערע פארשמירטע קליידער,
ביי שווערער ארבייט אין דעם טאל?...

צי זיינען זיי דאן בייז, דערצארענט
וואס מיר פארגעסען באלד אן זיי
און ס'טראגט דער צוג אוועק אונז ווייטער,
און לאזען זיי אליין אין וועה...

און אפשר וואגען זיי ניט טראכטען,
פארט זיינען מיר די הערען דאך:
אונז קומט די פרייהייט און די באהנען
און זיי אין טאל — דער שווערער יאך...

און אפשר שפאסען זיי און לאכען
מיט זייער איינפאכען פארשטאנד:
וואו יאגען זיי, די אלע מענשען,
פון שטאדט צו שטאדט, פון לאנד צו לאנד...

און אפשר טראכטען זיי מיט ליעבע
אין קיהלען מאל אין וויסטען פעלד,
און זיינען דאנקבאר פאר די גרוסען
צו זיי פון גאר דער ווייטער וועלט...

## דער אייביגער קוואל

איך האב א קוואל געגראבען
אין סאמע מיט פון וועלט:
און אייביג וועט ער שלאגען
אין היצען און אין קעלט.

קיין שניי וועט איהם פארשיטען,
היץ טריקענט איהם ניט אוים —
פון וועלט פון סאמע מיטען
זיין וואסער שלאגט ארוים.

עס מעגען הייזער פלאצען
פון הונדערט שטאק די הויך,
און שלעסער און פאלאצען
זיי מעגען פאלען אויך.

בערג קענען זיך צושיטען
און פאלען טיעף אין טאל —
מיין קוואל אין וועלט אין מיטען
וועט שלאגען אלע מאל.

## אויף א באל

א רווישיגער באל —
א ריינער, א שעהנער,
האלב טונקעל, האלב ליכטיג
באלויכטענער זאאל.

עס רוישט די מוזיק...
עס פליסען און גיסען
די טענער ווי כוואליעס
פון שוימענדען גליק.

עס רופט... א סיגנאל,
עס ציהען און פליהען
די פארלאד די יונגע
ווי פויגעל אין זאל.

און ער — אז א זייט
באטראכט זיי, פאראכט זיי:
ווי דום זיינען אלע
די טאנצענדע לייט.

„איהר טאנצט ניט, מייז העדר?"
פרעגט איידעל א מיידעל...
— „ניין, ענטפערט ער, לײדער"...
און לאכט מיט א טרער.

## דער פיהרער

מיר זיינען געגליכען צו יענע,
וואָס האָבען אויף ימים געררייזט,
און האָבען זיך אַלע פאַרלאָזען
אויף איינעם, וואָס האָט ניט געגרייזט.

און ווייל ער איז נאָר געזעסען
אין שיף אויפ'ן שפּיץ אין דער הויך,
האָט קיינער איהם קיינמאָל געזעהען,
אַ חוץ נאָר דעם דאַמפּף און זיין רויך.

דער טאָג איז געוועזען אַ שעהנער,
די זון האָט דאָס וואַסער באַגילט;
די שיף איז זיך רוהיג געשוואומען,
די מענשען זיי האָבען געשפּילט...

זיי זיינען געווען גאָר זיכער,
אַז איינער איז ערגעץ וואו דאָ,
וואָס פיהרט זיי און ברענגען זיי וועט ער
אין ריכטיגער גליקליכער שעה.

און ווען ס'איז אַ נעבעל געקומען
און האָט אַלע וועגען פאַרהילט,
האָט יעדער אַ שרעק אַ געהיימע
אין הארצען אין טיפען דערפיהלט.

עס האָבן געהערט זיך סיגנאַלן,
עס האָט זיך געוויזן אַ פּלאַם,
נעקענט דאָך האָט קיינער דערזעהן איהם,
וואָס האָט זיי געפיהרט איבער ים...

## דער לאָמטערן

עס שטעהט געגענאיבער מיין פענסטער
אַ שטילער לאָמטערן:
ער לויכט אַלע נאַכט אין מיין פענסטער
אַזוי ווי אַ שטערן.

ער לאָזט מיך ניט איינשלאָפן רוהיג,
ער וויל מיך נאָר וועקן:
זיין איינזאַמעס ליכט, זיינע שטראַלן,
זיי וועקן און שרעקן.

אויף מאָרגען — זיין ליכט איז פאַרשוואונדען,
אַ לעערער, אָהן לשון.
איך ווייס ניט: ווער האָט איהם געצונדען,
ווער האָט איהם פאַרלאָשען.

## נאכט...

אמאל אז ס'איז נאכט
ארום און ארום;
די טומלענדע וועלט
ווערט רוהיג און שטום.

האב איך אזוי ליעב
באטראכטען די וועלט
און אלץ איז דאן גוט
און אלץ מיר געפעלט!

איך געה מיר ארום;
גאס אויס און גאס איין
— אין איטליכען הויז
איך קוק מיר אריין.

— און ס'דאכט זיך מיר דאן
א פאטער איך ווער
פון אלע אט די,
וואס לעבען דא שווער.

און ס'ווילט זיך ניט דאן
אהיים צו מיר געהן
און לאזען זיי דא,
די קינדער, אליין...

# אויפ'ן בריק

1.

איך פאהר אלע טאג אויפ'ן בריק —
פעסט הענגט ער אויף אייזערנע שטריק.
און מעג דער טראמוואי זיין ווי שווער —
דער בריק איז נאך שטארקער ווי ער.
איז זיץ איך מיר רוהיג און טראכט:
ווי זיכער מען האט עס געמאכט!

נאר אפטמאל דערשרעקט זיך מיין הארץ:
א וואגען באגעגען איך שווארץ.
ער פאהרט מיט'ן זעלבינגען בריק,
וואס הענגט אויף די אייזערנע שטריק.
איז ארום ליגט אימיצער שטום — —
דאן דאכט מיר, דער בריק וויעגט זיך אום...

2.

פאהר איך ביינאכט אויפ'ן בריק,
קוק פון דעם פענסטער אהן ציעל:
פאנגען מיין הארץ און מיין בליק
פייערלער, פייערלער פיעל.

דאכט זיך, זיי הענגען גאר הויך,
פונקט — אמאל שטערען ביינאכט:
טראכט איך: דער מענש האט שוין אויך
שטערען זיך נייע געמאכט.

ווערט אויפ׳ן הארצען מיר שווער:
פייערלעך קאלטע פון שטאָדט:
איז דיר דער וואונדער נאָך מעהר
און דו דערמאָהנסט זיך אָן גאָט.

## די שטילע גאַס

כ׳וואוין מיר אין אַ שטילער גאַס,
יעדעס הויז באַשיידען:
שטיל. נאָר אַפטמאָל שטעהען צוויי
ווייבער און זיי ריידען.

שטיל. נאָר אָפט אַ פּאָרל שטעהט,
רעדט זיך דורך געמיטליך:
אין דער שטילער גאַס ביי מיר
געהט צו אַלעס זיטליך...

שטיל. נאָר אָפטמאָל פאָהרט זיך דורך
אָהן גערויש אַ וואָגען
און אַ פייף פון וויטען שיף
לאָזט זיך דאָ דערטראָגען.

איך האָב ליעב די שטילע גאַס
נאָכ׳ן רוישיג לעבען:
כ׳הער דאָ יעדער שיפ׳ס סיגנאָל —
גריסען פון אַ לעבען...

# א געשפרעך

אייביג וועט אזוי ניט זיין —
טרייסט מיר אפט דער גלויביגער. —
שיינען וועט א העלער שיין
אויף דער ערד, דער שטויביגער.
— וואו־זשע וועלען מיר דאן זיין?
זאג מיר, ליעבער גלויביגער. —
ווייזט ער אן מיר שטיל אהין,
דארט אין פעלד, וואו לויטער גרין,
און א שטיין אן אייביגער.
קלינגט זיין טרייסט מיר אזוי שעהן,
זיינע רייד געפעלען מיר —
„ווען די ערד וועט ווערען ריין,
וואלט זיך זעהן דאס וועלען מיר.
קום־זשע, פריינד, צו מיר צוגעהן,
דו זאלסט כאטש דערצעהלען מיר“.
קוקט ער טרויעריג מיך אן:
כ'וואלט עס דיר געווים געטאן —
ס'וועט דער שטיין פארשטעלען מיר...

## א הייזעלע

א הייזעלע שטעהט ערגעץ ווייט
א פייערעל לייכט זיך אין שויב:
ווי וואלט איך אוועקגעהן אהין
פארגעסען די שטאדט און איהר רויב.

א הייזעלע שטעהט ערגעץ ווייט.
עס ווינקט מיר פון דארטען א שיין:
איך וואלט זיך געלאזען אהין,
אין הייזעל אין קליינעם אריין.

איך וואלט זיך באפרייען פון אלץ,
פון אלץ, וואס עס איז מיר א לאסט,
אין שטיבעל איז ווארים און גוט —
איך וואלט דארט געוועזען א גאסט.

א טאטע און אלטער איז דא;
א מוטער, א פריינדליכע פרוי,
זיי שמייכלען ווי קינדער זיך צו,
ווי קינדער, כאטש ביידע שוין גרוי.

די טאכטער איז שטיבעלע דארט
אזוי ווי א ליליע איז פריש,
זיי וואלטען מיר פריינדליך באגריסט
און גלייך מיך געלאדען צום טיש

# שאָטענס

ווי זיי לעגען זיך אויס
די שאָטענס פאַרנאַכט
אַזוי ברייט, אַזוי לאַנג!
דו בלייבסט שטעהן פאַרטראַכט,
בלייבסט איינער אַליין,
די וועלט אַזוי גרויס,
און דו אַזוי קליין —
פול וועה און פאַרלאַנג...

געדאַנקען זיי געה'ן
אַזוי שטיל, אַזוי קיהל,
דו שטעהסט אָהן אַ ציעל,
ביזט איינער אַליין,
דערשראָקען און באַנג...

פון ערגעץ אַ קלאַנג
קומט אַן און פאַרשווינדט:
אַ שטערענדעל צינדט
זיך אָן ערגעץ וואו
און הרעגנט דיר אַ גרוס,
און ווינקט צו דיר צו...

## אפגענארט

ביי אן אלטען באלעבאס,
אויף א קיילעכדיגען טיש,
שטעהט א פלאש פון רויטען גלאז,
דאכט זיך — רויטער וויין און פריש.

קומען געסט אין הויז אריין,
וואלט זיך יעדערער בארוישט,
ציהט עס זיי צום פלאש מיט וויין —
נאר ווי בלייבען זיי אנטוישט!

לעער די פלאש — א רויטער בלויז,
נאר אמזיסט אויף וויין געווארט...
און פארלאזענדיג דאס הויז
הלאגט זיך יעדער: אפגענארט!...

## די וועלט-טויערן

כ׳קען איין טויער פון דער וועלט,
עפענט ער זיך אויף פאר געלט.
ביי׳ן ארייננאנג — ווערסטו בלאס:
שטעהט א מאן דארט ווי א פאס
רונד און נידעריג און דיק,
מיט א גראהען־בייזען בליק.
פרעגט ער: פיעל איז דיין פארמעג?
און ער מאכט דיר פריי א וועג...

נאך א טויער אפען איז
און ביים טויער שטעהט א ריעז,
הויך פון הימעל ביז דער ערד
אין דער האנט ער האלט א שווערד.
גיט ער מיט׳ן שווערד א פאך
און אין הארצען דיר א שטאך,
גיסט זיך בלוט פון דיר טראפ־טראפ —
געהסט אריין מיט שטאלצען קאפ.

נאך א טויער איז באוואכט
פון דער פריה ביז אין דער נאכט,
פון דער נאכט ביז אין דער פריה
און די וועכטערין — א זי.

אין איהר אויג א פייער ברענט,
רויזען האלט זי אין די הענט.
איז דיר גוט און איז דיר שלעכט
בלייבסטו אייביג שוין א קנעכט...

## צו א ווייטער

העי, ווען וועסטו קומען, מיין פרייד,
מיט לאקענס, ווי דין־העלער זייד,
דו מיידעל פון אוראלטען שטאם,
מיט אויגען — די פארב פון דעם ים,
מיט בויגיגען קערפער און שלאנק
מיט ליפען, ווי זאפט, ווי געטראנק?...

העי, ווען וועסטו קומען, דו קינד —
פון לאנד — פון די בערגער און ווינט,
פון לאנד — פון די פעלזען און שניי,
פון קוואלען, וואס שלאגען דורך זיי:
פון דונקעלע וועלדער געדיכט —
מיט ווילדען און מילדען געזיכט?

העי, ווען וועסטו קומען אהער
מיט דורשט און מיט לעבענס־באגעהר,
מיט ארעמס, וואס שליסען מיך איין
און ווארפען אין תהום מיך אריין,
און הויבען דערנאכדעם מיך אויף
און טראגען מיך העכער ארויף?

## צו א בילד

עס הענגט נאָך דיין בילד אויף דער וואַנט —
דו ביזט ווי געוועזן:
דיין שמייכעל — ער איז מיר באַקאַנט,
ווי ערשט וואָלט געשעהן.

דו ביזט נאָך ווי דעמאָלט אַהן ברעג
מיר ליעב און געטריי:
און דאָך איז שוין אַלעס אַוועק
און אַלעס פאַרביי.

אין אמת'ן ביזטו שוין אַלט,
און טרויעריג — טריעב:
און דאָך אויף מיין וואַנט דיין געשטאַלט
קוקט יונג נאָך און ליעב...

וואו ביזטו? אין וואָס פאַר א לאַנד?
ניט זאָרג און ניט וויין!
אין צימער ביי מיר אויף דער וואַנט
וועסט שטענדיג זיין שעהן.

און געהסטו פון עלענד וואו אוים
און האַסט קיינעם ניט —
איך — וואו נאָר איך וואַנדער אַרוים,
דאָרט נעהם איך דיך מיט!

## עס בלייבען...

עס בלייבען און וועלקען
ביי'ן פענסטער די בלומען:
איך האב זי גערופען,
זי איז ניט געקומען...

עס רוישען אין פענסטער
די טראפּענס פון רעגען:
איך וועל זי ניט בעטען,
איך וועל זי ניט פרעגען...

עס רוישען אין הארצען
באהאלטענע טרערען:
איך וועל גאר ניט ריידען
דאך זי וועט דערהערען...

## צוויי בילדער

(פאנטאזיע)

עס הענגען ביי'ן דיכטער אין צימער צוויי בילדער
פון מיידלעך, פון צוויי:
איינע — א פרעהליכע, שטענדיג זי לאכט נאר,
די צווייטע — פול וועה.

קוקט ער אין אווענט אין צימער א מיעדער,
קוקט ער און טראכט:
ווערמען באגעהר איך: דאס מיידעל דאס באנגע,
צי יענע, וואס לאכט?

קוקט ער אויף איין וואנט און קוקט אויף דער צווייטער:
וועלכע פון זיי?
איינע, זי רופט מיט איהר לאכען, די אנדרע —
זי לאקט מיט איהר וועה.

אזוי יעדער אווענט באטראכט ער זיי ביידע
און יעדערע ציהט...
אויף איין וואנט די איינע, אנטקעגען די צווייטע,
זיין הארץ — איז דער מיט!...

## ווי שיפען...

אזוי ווי שיפען, וואס זיי געהען אפ פון ברעג
און וועלען מעהר ניט ווייזען זיך צוריק,
אזוי באגלייט איך מיט מיין בענקענדיגען בליק
די שעהנהייטען, וואס געהען מיר פארביי אין וועג.

לעבט וואויל, איהר שיפען, שווימט אייך שטאלץ און פריי,
און ווערמען איהר באגעגענט, בעט איך, הארצליך גריסט:
לעבט וואויל, איהר שעהנהייטען, וואס געהען מיר פארביי, —
די שיפען געהען אפ, דער ברעג בלייבט לעער און וויסט...

## נאָך אַ יאָהר

נאָך אַ יאָהר, און נאָך אַ יאָהר
און דאָס לעבען רוקט זיך אָפּ,
אויפ׳ן שטערען נאָך אַ קנייטש,
נאָך אַ גרויער האָר אין קאָפּ.

נאָך אַ יאָהר, און נאָך אַ יאָהר...
כ׳האָב געהיט און ניט דערהיט:
אַנגעטומעלט האָבען זיי
און אַוועק מיט שטילע טריט...

## די צייט

זיי זיינען זיך צוגאַנגען
אין וועגען אַלערליי:
דער האָס איז שוין צעגאַנגען,
צעגעהן וועט אויך דער וועה.

די צייט וועט געהן פּאַמעלעך
פאַרביי אַ יעדענס וועג
און וועט מיט שטויב פאַרשיטען
דעם גלאַנץ פון יענע טעג.

## א פּאָר

זיי האָבען לאַנג געליעבט זיך,
געבענשט פון גאָט און לייט.
ביז וואַנען ס'איז געקומען
פון שיידען זיך די צייט.

מען ליעבט זיך און מען שיידט זיך,
מען שיידט זיך און מען ליעבט...
צוקריגט פאַר לייטען אָפען
און אין געהיים פאַרקניפּט.

ער איז ניט מעהר איז כעס
און ווינשט איהר ניט קיין שלעכטס,
זי איז נאָר אַלץ זיין שטערען
אין זיינע טריבע נעכט.

און ער איז אַלץ דער בעסטער
פון אַלע איהרע פריינד,
און צווישען אַלע אויגען
זיין בליק אַליין איהר שיינט.

און וועלען זיי זיך טרעפען —
זיי מעגען אַלט שוין זיין,
וועט ער נאָר אַלץ איהר פרעגען:
„וואָס מאַכסטו, קינד, דו מיין?"

און זי וועט צו איהם שמייכלען
ווי ער וואָלט זיין איהר קינד:
פאַרשפּילע זיך דעם מאַנטעל —
עס בלאָזט א קאַלטער ווינט"...

## מיין גאָרטען

האָב איך מיין ליעבסטע באַגעגענט —
איז זי געוועזן אַזוי שעהן:
האָט זי׳ געלאַכט מיר אַנטקעגען —
איז דאָס געוועזן פול מיט חן.

האָב איך געוואָלט פאַר ענטציקען
געבען איהר אַלץ וואָס איך האָב:
האָב איך געוואָלט זי באַגליקען
גאָר מיט מיין גוטס און מיין גאָב.

בין אין א געסעל א זייטיג
מיט מיין געליעבטער אריין:
בלומען געקויפט דאָרטען, צייטיג —
פרישע און רויטע ווי וויין...

האָט מיין געליעבטע די בלומען
אַנגעטאָן האַרט אויף איהר ברוסט:
איז אין מיין האַרץ אַנגעקומען
ווייטע און קוויקענדע לוסט.

איז ווי א גארטען מיין כלה,
האט זיך פאר איינם מיר געדוכט,
און עם געהערען מיר אלע
איהרע — די טייערסטע פרוכט...

## וועק נישט

וועק נישט די ליעבע, נישט וועק!
שטיל טראג אין הארצען דיין צער:
אויפוואכען וועט זי אליין —
ליעבע קען ריהרען א שטיין.

געהסטו איהר וואוינונג פארביי,
קעהר אב דיין בליק אז א זייט.
קוק אין איהר פענסטערעל ניט
זי וועט דערפיהלען די טריט.

טרעפסטו זי פלוצלונג אין גאס,
אויסמיידען קענסט ניט איהר בליק:
וואדף בלויז איין שמייכעל איהר צו
וועט זי ניט האבען קיין רוה...

וועק נישט די ליעבע, נישט וועק
ביז ס'וועט דער זומער פארגעהן,
ביז עס וועט וועלקען די בלום,
ביז זי וועט רופען דיך: קום!...

# א יונג פרוי מיט גראָהע האָר

א יונג געזיכט, די אויגען שווארץ
און קוקען ווייט אונענדליך;
נאָר איהרע האָר איז זילבער־ווייס —
דאָס איז גאָר אונפארשטענדליך.

א יונג געזיכט און גראָהע האָר,
דאָס איז נאַטור'ס א וואונדער;
די יוגענד בליהט, די עלטער ציהט —
אוןביידע שעהן באזונדער...

דאָס פּנים יונג און בליהענדיג,
דו קענסט דיין בליק ניט זעטען;
דאָך לאָקט דער קאָפּ דער זילבערנער
און וואָלסט איהם וועלען גלעטען...

דאָס יונגע פּנים פול מיט פרייד,
די זילבער־האָר — פול באַנגען;
און ווייסט ניט וואָס פון ביידע האָט
דיין נאריש הארץ געפאַנגען.

און שטעהסט ווי פאר א רעטעניש;
וואָס האָט דיך צוגעצויגען,
דער גראָהער קאָפּ דער זילבערנער,
צי איהרע יונגע אויגען?...

זי קוקט דיך אן א לאבענדע,
אין איהרע אויגען — פייער:
די זילבער און די דימענטען
זיי זיינען ביידע טייער...

## מיט פארמאכטע אויגען

וואס־זשע האט געארט דיך,
וואס ביזטו פארפלויגען?
כ׳האב געקושט א צווייטע
מיט פארמאכטע אויגען.

מיט פארמאכטע אויגען
האב איך דיך געמיינט דאך.
מיט פארמאכטע אויגען
האט מיין הארץ געוויינט דאך.

יענע האט דערפיהלט עס
און איז בייז געווארען.
דו האסט עס דערזעהען —
האב איך צוויי פארלארען.

וועל איך זעהן א דריטע —
כ׳וויל אויף גליק נאך האפען —
וועל איך האלטען דעמאלט
מיינע אויגען אפען.

און איך וועל מיך היטען,
קיינער זאָל ניט וויסען,
ווי אזוי מיין הארץ ווערט
שטיל אין מיר צוריסען...

## שטילערהייט

שטילערהייט, שטילערהייט
דיינע ליידען פארטראָג :
וואָס עס האָט דיר געגרייט
יעדע שעה, יעדער טאָג.

און ניט מיין, אז עס גיעבט
אזא ווענען כאָטש וואו,
וואָס עס פיהלט און עס ליעבט
און דיין קול הערט עס צו.

ניין, ניטאָ! אלעס שטומט!
דאָך ניט ערגער זיך פיעל:
יעדעס אונגליק, וואָס קומט
נעהם עס אויף אין דער שטיל...

און אויב צופיעל טוט וועה
און פארטראָגען ביזט מיעד —
נעהם דעם גרעסטען פון זיי
און זינג אוים אין א ליעד!...

## א פרעמדער יום־טוב

עס איז א פרעמדער יום־טוב —
ניט גער אהין, מיין פריינד:
דארט האבען זיך פארזאמעלט
די אלע דיינע פיינד.

דארט איז דיין וויין געבליבען,
זיי טרינקען איהם איצט אויס:
דארט איז דיין גייסט געבליבען —
זיי לאכען איהם איצט אויס.

עס איז א פרעמדער יום־טוב —
ניט גער אהין, ניט גער:
דארט איז דיין קינד געבליבען —
איך וויים, דאס טוט דיר וועה...

## צוויי לעבענס

לאכט דער איינער: זעהסט, צורונען
דיינע פריידען, ווי געשפענסטער:
דורכ'ן קוימען רוישט דער אומעט
און דער טרויער — דורכ'ן פענסטער.

זאגט דער צווייטער: יא, פארקלונגען
זיינען אלע פריידען, ליעדער:
מאך איך אבער צו די אויגען —
זעה איך אלע גליקען ווידער.

אבער דיר, מיין קלוגער חבר,
איז די מיה גאר אן אומזיסטע:
האלט די אויגען צו און אפען —
זעהסטו גארנישט — בלויז א וויסטע...

## די ליעבע פון בוך

און ווייט איז ער אנטלאפען,
ווי ס'איז אנטלאפען גלאז,
דער אונגליקליך פארליעבטער,
דער העלד פון האמסונ'ס פאן.

די שטאלצע עדווארדא
ער זעהט נאך איהר געזיכט,
די שטאלצע און די גוטע,
זי געהט אוים ווי א ליכט.

דאך קומט איהר גלאן אנטקעגען
און שטרעקט איהר אוים די האנט,
די שטאלצע און די גוטע
זי מאכט איהם גלייך צו שאנד.

ער איז, ווי גלאז, אנטלאפּען
אין ווייטען מזרח־וואו,
ער וועט ווי גלאז געפינען
די לאנג געזוכטע רוה...

## איך ווייס...

איך ווייס, אז איך שפּיעל זיך מיט פייער,
דער סוף וועט זיין שלעכט.
נאר וואס זאל איך טאן אין דער פינסטער
אין איינזאמע נעכט?

דער פייער ער וועט מיך פארברענען
דאס ווייס איך אליין,
דאך ליעב איז דאס פייער און טייער,
און לאקט אזוי שעהן...

און וואס איז געבליבען דען בעסער
צו טאן אויף דער וועלט?
און אויב ניט דורך פייער, מיין טרייער,
בלייבט אויסגעהן פון קעלט...

## איהר ווייסט...

איהר ווייסט, ווען געדענק איך אַז זיי?
אין פריהלינג אין ליעבען,
ווען ס'בלייבט ניט קיין שפּורען פון שניי,
און פייגעל, וואָס זיינען פאַרטריבען
זיי קומען אַז ווידער
אין רייהען, אין רייהען.
פאַרפרוירענע הערצער
דערוואַרעמען, דערפרעהרען...
דערמאָן איך די שוועסטער, די ברידער,
דערמאָן איך אַז זיי...
און ס'קלינגען די ליעדער
פול צער און פול-וועה...

## צוויי פריינד

געטראָפען האָבען זיך צוויי אַלטע פריינד
נאָך לאַנגע טעג פון זיין צושיידט:
ערינערונגען האָט ביי ביידען אויפגעשיינט —
די אַלטע צייט, די אַלטע פרייד!

עס זיינען לעבעדיג געווארען מיט אמאל
די פריהלינגס־טעג, די קינדער־טעג;
דאס לויפען פון דעם בארג אראפ אין טאל,
דער גרינער וואלד, די שמאלע שטעג.

— אזוי, אזוי! — האט איינער אנגערופען זיך —
די יוגענד איז אוועק... אט באלד, שוין באלד!
ווי לאנג עס איז געוועז און דאך ווי גיך
מיר זיינען שוין געווארען אלט.

אך, ווען איך וואלט געווארען יונג צוריק! —
האט ער א זיפץ געטאן צו ענד.
און ווייט געקוקט האט ערגעץ וואו זיין בליק
און אויפגעהויבען הויך האט ער די הענט.

— נו, וואס־זשע וואלט געוועז, ווען גאט וואלט עס געמאכט
און יונג זיין וואלסטו נאך אמאל?
— אך דאמאלט... — האט דער ערשטער זיך פארטראכט
און מילד געקלונגען האט זיין קול —

„איז חדר וואלט איך ניט געוואלט מעהר געהן,
צו פרייהייט וואלט איך נאר געשטרעבט.
עס וואלט ניט העלפען ווען דער טאטע וואלט אליין
מיט גוואלד אין חדר מיך געשלעפט.

דאך וואלט איך ווי עס איז געלערענט זיין,
כ'וואלט ליי'נען ביכלעך אלערליי:
דערנאך וואלט בענקשאפט אין מיין הארץ אריין
נאך ליעבע מיט איהר זיסען וועה.

די שעהנע רבקה׳לע, וואָס קעגנענאיבער וואוינט,
וואָלט איך ביין גאַניקעל דערהיט,
זי וואָלט פון ערשטען קוש געוואָרען נאָר ערשטוינט,
דאָך שעהמען וואָלט זי זיך שוין ניט.

דאָס וואָלט געווען די ערשטע ליעבע בלויז,
דערנאָך וואָלט מיך געצויגען ווייט.
איך וואָלט פאַרלאָזט מיין היים, מיין פאָטערס הויז
און וואַנדערען וואָלט איך א צייט.

איך וואָלט געשטרעבט... געזוכט, זיין פריי, אַהן יאָך,
געפונען גליק... אַמאָל — פאַרקעהרט:
ביז וואַנען פאַנגען וואָלט מיך איינע דאָך,
איך וואָלט זיך שוין ניט מעהר געוועהרט...

באַזעצט וואָלט איך זיך ערגעץ אין א לאַנד
און רוהיג לעבען, רוהיג זיין,
ניט וועלען דאָס, וואָס גרייכען איז מען ניט אין שטאַנד —
אַזוי ביז אין דעם לעצטען טאָג אריין."

— מיין פריינד! עס האָט מיט דיר דאָך אַלץ פּאַסירט,
דיין לעבען האָסטו מיר געמאָלט...
— אַזוי? — האָט איהם דער פריינד געפרעגט פאַרוווירט —
נו, וואָלט איך איצט עס ווידערהאָלט...

## אין מיין קעניגרייך

אין מיין אייגען־קעניגרייך
האָט דאָס אויך געטראָפען:
אַלע פירשטען, פול מיט שרעק,
זיינען זיך צולאָפען.

אַלע דאַמען פון'עם הויף,
טריי פאַר לאַנגע יאָהרען,
האָבען שנעל זיך איינגעפּאַקט
און אַוועקגעפאָהרען.

אַלע קוטשערס, וואָס געטריי
פלעגען זיי מיך טראָגען,
זיינען ערגעץ־וואו אַוועק
מיט'ן פערד און וואָגען.

אַלע טרייע גערטנער־לייט
ביי די פרישע קוואַלען
האָבען בוים און בלום פאַרלאָזט
און ניטאָ — פאַרפאַלען!

אין מיין פּאַלאַץ — ס'רעדט זיך בלויז —
ס'איז אַ קליינע סאַלקע.
איז געבליבען איינע טריי —
זי, די ליעבע מלכה...

## צוויי בילדער

דאָס הייליגע מיידעל
ביי מיר אויף דער וואַנט —
זי וויינט נאָכאַנאַנד!

און שפּעט אין דער נאַכט
און מאָרגענס און פריה —
ווען נאָר איך באַטראַכט,
פאַרוויינט אַלץ איז זי —
דאָס הייליגע מיידעל
ביי מיר אויף דער וואַנט!

דאָס פרעהליכע מיידעל
ביי מיר אויף דער וואַנט —
זי לאַכט נאָכאַנאַנד!

העי, פרעהליכע, דו —
וואָס לאַכסטו אַזוי?
דו שטערסט דאָך די רוה
דער הייליגער פרוי! —
דאָס פרעהליכע מיידעל —
זי לאַכט אויף דער וואַנט!

## די אייביגע שענהייט

עס איז אין דער וועלט דא א פרוי,
וואס יעדערער זעהט זי בלויז איינמאל;
זי טראגט זיך פארביי און פארשווינדט
און טרעפען זי וועסטו שוין קיינמאל.

ווער איז זי...? פון וואנען זי קומט? —
דו ווייסט ניט... אומזיסט וועסטו יאגען —
דו וועסט נאר אין הארצען איהר בילד
בשתיקה פון זיך אליין טראגען...

עס געהען די יאהרען פארביי
און פאלען ווי בלעטעלעך געלבע,
באגעגענסטו ווידער די פרוי,
א צווייטע — און אפשר די זעלבע...

עס האט דיר איהר שעהנע געשטאלט
דיין הארץ אויף דאס ניי אנגעצונדען.
אט איצט וואלסטו אפשטעלען זי —
אומזיסט — בלויז איין בליק און פארשוואונדען!

און ווידער די יאהרען זיי ציה'ן —
און בלאנדזשעסט אויף אלערליי וועגען,
און פלוצים — די זעלבע — צי ניט —
די שעהנהייט זי קומט דיר אנטקעגען...

זי קומט און פארשווינדט, ווי א בליק,
דו זעהסט שוין — דו וועסט זי ניט קריגען.
און ענדליך, פארשטעהסטו דעם זין
און מוזט דיין פארלאנגען באזיגען.

די אייביגע שעהנהייט איז זי,
וואס ווייזט זיך אין לויף פון די יאהרען;
פארשווינדען פארשווינדט זי פון דיר,
דאך געהט זי ניט קיינמאל פארלארען!...

## פאָלקס-מאָטיוו

ניט גריסט מיר פון איהם:
איך וויים וואס ער מאכט:
איך זעה איהם, ער זיצט
מיט יענער און לאכט.

ניט טרייסט מיך: ער וועט
נאך קומען צוריק:
עס איז שוין צו איהם
פארברענט יעדער בריק.

ניט טרייסט מיך: די צייט
וועט היילען מיין פיין:
פארגעס איך אַן איהם,
וועט ערגער מיר זיין...

## א פארוועלקטע שענהייט

א פארוועלקטע שעהנהייט
איז פארבייגעגאנגען,
א פארוועלקטע שעהנהייט
האט מיין הארץ געפאנגען.

און די שווארצע פאסען
ביי די בלאהע אויגען,
האבען מיר גערופען,
האבען מיך געצויגען.

און דער טרויער שמייכעל
אויף א גליק — פארשוואונדען,
האבען אין מיין הארצען
העלען ליכט געצונדען.

און די קלוגע בליקען,
פול מיט צער, פארגעבען,
האבען מיר באלויכטען
אונזער זין פון לעבען.

האב איך דורכגעלאזען
אלע די וואס בליהען —
פאר פארוועלקטע שעהנהייט
האט געוואלט זיך קניען...

## שיר השירים

1.

ווי זאָל איך מיין ליעבסטע גלייכען,
ווי זאָל איך מיין ליעבסטע מאָלען?
ווי א פרישע בלום פון שרון,
ווי א רויז אין טיפע טאָלען.

ווי א רויז צווישען דערנער
זעהט מען בעסער, זעהט מען עכטער,
פונקט אזוי איז זי, מיין כלה,
צווישען אלע מענשען־טעכטער.

2.

קוקט ניט, זאָגט ניט:
איך בין שווארץ:
ליטער פייער
איז מיין הארץ.

נעהמט קיין ביישפיעל
ניט דערפון:
ס'האָט פארברוינט מיך
בלויז די זון.

מ׳האט אלס היטעריין
מיך געמאכט,
ביי די גערטנער
טאג און נאכט.

פרעמדע גערטנער
אפּגעהיט,
און מיין אייג׳נעם
גארטען — ניט !...

3.

פריהלינג, פריהלינג איז שוין היינט,
כ׳הער די שטימע פון מיין פריינד,
ווי דורך בערג און טאל ער ציהט,
ווי א יונגער הירש ער פליהט !
כ׳הער זיין שטימע פון ארום,
ווי ער רופט מיך : כלה, קום !
קום, דער ווינטער האט געעקט
און די טירקעל־טויב שוין וועקט :
קום ארויס פון דיין געצעלט,
פול מיט דופטען איז די וועלט !..

4.

זעכציג מלכות האב איך מיר,
אכציג קעפּס־ווייבער געוועהלטע,
און דערצו איז ביי מיר דא
יונגע מיידלעך ניט געצעהלטע.

ראַד נאָר איינע איז מיין טויב,
איינע איז זי צווישען פיעלע:
ס'לויבען זי די מלכות אויך
און די קעפּס־ווייבער אפילו...

## דער אָרקעסטער

איך האָב ליעב די אונסטרומענטען
פון דעם שפּילענדען אָרקעסטער:
יעדער איז מיר א באַקענטער,
סיי דער קלענסטער, סיי דער גרעסטער.

כ׳קען זיי אלע מיט די נעמען
און די שטימען און די טענער,
און די שטעל, וואָס זיי פאַרנעמען —
ווער ס׳איז גרויס און ווער ס׳איז קלענער:

אלע זייערע געדאַנקען,
אלע זייערע געפיהלען:
ווען זיי צערטלען זיך און צאַנקען,
ווען זיי שווייגען, ווען זיי שפּילען.

ווען זיי ווילען איבעריאָגען,
איינס דעם צווייטען איבערשטייגען,
און ווי קיינער קאָן פאַרטראָגען,
ווען דער „פיהרער" הייסט איהם שווייגען...

כ׳קען די פידעלע די צאַרטע —
קיינער קען איהר וועהטאָג שאַצען:
נאָר זי רעדט צו הערצער האַרטע,
ביז די סטרונעס איהרע פּלאַצען.

כ׳קען דעם „טשעלא“, דער בעל־תפלה,
וואס ער שפּיעלט זיין אייג׳נעם ניגון:
ווען עס שפּילען זיי, די פּיעלע,
ווערט ער דעמאָלט שטאָלץ אנטשוויגען...

כ׳קען דעם קאָנטראבאס, דעם שווערען,
מיט די פּאָר געצעהלטע נאָטען:
ווען ע ר לאָזט אליין זיך הערען,
לעגט זיך אויפ׳ן הארץ א שאָטען.

דער טראָמפּייט איז מיר קיין ווייטער,
לאָזט זיך הערען גאָר אהן צילען:
ווי א אינגעל א פארשייטער
רופט ער: קומט מלחמה שפּילען!

און די פלייט! ווי נאַכטיגאַלען
רופען דיך פון שטאָדט און ישוב:
הויבט זי פייפען אַז און שאַלען —
ציהט אין פעלד דיך, ווי מיט כשוף.

היינט דער פויק! דאס איז א גבור,
פון א פעל גאָר א געזונטער:
לאָזט ארויס א קול, דער ליעבער —
דאכט זיך, אז די וועלט געהט אונטער...

כ׳קען און ווייס פון וואַן זיי שטאַמען,
ווייס פון מאנכען אויך זיין פעהלער:
אבער שפּילען זיי צוזאַמען —
ווערט די וועלט דאן שעהנער, העלער...

## די אידישע מוזיק

(ערנסט בלאָך געווידמעט)

איך האָב געהערט די אידישע מוזיק
און ס'האָט מיך ווייט אוועקגעטראָגען.
איך האָב געהערט ווי דורות שלאָגען
און האָב מיין פאָלק דערזעהן גאָר יונג צוריק...

עס האָט דער ים זיין אָבגרונט אָפּגעדעקט,
דער ירדן איז מיט אַנגסט אַנטלאָפען...
און באַלד האָב איך געזעהן דעם מדבר שלאָפען
און באַלד האָט איהם אַ נייעם פאָלק געוועקט...

איך האָב געזעהן דעם פּאַלאַץ שלמה'ס אין געדאַנק,
געהערט אין צימערען אַ יונגענדליך געלעכטער,
און טענץ און שפּרינגעריי פון פּרעה'ס טעכטער,
און מלכה שבא געזעהן, און אופיר'ס גאָלד געשאַנק...

ביי בבל'ס טייכען ג'הערט האָב איך אַ רעש,
געזעהן מיין פאָלק דערנידעריגט, געפאַנגען
און ירמיהו איז געבויגען מיט־געגאַנגען
זיין שטאָלצער קאָפּ באַשאָטען פול מיט אַש.

און פּלוצלונג האָט אַ שטורם דורכגעשוועבט
און — ניט געוואוסט אַליין פון וואַנען,
איז פון אַ טאָל אַ מחנה אויפגעשטאַנען
און נייער גייסט האָט יעדערען באַלעבט...

און באַלד גאַר בין איך אין א שוהל אַריין. ביי נאַכט...
געזעהן אַן עדה הין און הער זיך וויגען —
אין האַרץ געדרונגען האָט אַ ווייטער ניגון
און תפילות אַלטע האָבען מיך ערוואַכט...

## דער אונשולדיגער וועכטער

(אַ פאָלקס־מעשה׳לע)

אַמאָל האָט פּאַסירט... אין אַ שטעדטעל,
מען האָט שוין פאַרגעסען איהר נאָמען —
געשעהן אויפ׳ן מאַרק איז אַ גנבה:
מען האָט דאָרט באַ׳גנב׳עט די קראָמען.

אויף מאָרגען איז יעדער געקומען
אין מאַרק צו זיין קראָם מיט אַ שליסעל —
דערזעהט ער: די קראָם איז שוין אָפען
און סחורה — ניטאָ דאָרט קיין ביסעל.

מען האָט זיך גענומען צום וועכטער —
אַ איד מיט אַ באָרד שוין אַ גראָהע...
„וואו ביזטו געוועזען?" — דער אַלטער
געשטאַנען איז שטיל, מיט הכנעה.

האָט אויסגעהערט אַלערליי טענות,
ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ וועכטער — געדולדיג,
אין נאָכדעם געענטפערט: אוי, גלויבט מיר
איך בין דאָ, רבותי, ניט שולדיג!

איך האב זיי געהיט, ווי מיין שטייגער,
ווי איך פלעג זיי אלע נאכט היטען:
איך זאג א קאפיטעלע תהלים
און זינג זיך א ניגון אין מיטען...

דא זעה איך עס פאהרען צו וועגענס
און עטליכע מענשען דארט זיצען:
איך האב גלייך פארשטאנען: גנבים...
צו וואס זאל איך טראכט איך מיר, רייצען?

ווי באלד אז איך בין דאך דער וועכטער
איז וואס איז צו האבען דא מורא?...
ווי באלד אז איך היט, איז דען מעגליך
זיי זאלען אוועקפיהרען סחורה?

איך האב זיך פאררוקט אין א ווינקעל
אומישנע... וואס וועלען זיי מאכען?
ווי באלד אז איך בין דאך דער וועכטער! —
איז קוק און איך פלאץ שיער פאר לאכען...

איך זעה פון מיין ווינקעל ווי איינער
און נאכדעם א צווייטער, א דריטער —
זיי געהען צו שטיל צו די קראמען —
איז לאך איך: איך בין דאך דער היטער!

די העזה ביי זיי ווערט נאך גרעסער,
זיי הויבען די קראמען אן שליסען...
איז לאך איך — ווי באלד אז איך היט זיי —
און מאך זיך אזוי ווי ניט וויסען.

זיי הויבען אן עפ׳נען די קראמען...
און איך, אייער עהרליכער וועכטער,
איך קוק און גיב אכטונג פון ווינקעל
און ווער שיער דערשטיקט פאר געלעכטער.

„וואַרט, וואַרט — לאַד איך — וואס וועט זיין ווייטער?...
איהר וועט שוין א צעהנטען פארזאגען...״
איך זעה ווי זיי פאַקען שוין סחורה
און הויבען אן דרויסען צו טראגען.

„אזוי גאר, גנבים׳לעך! — לאַד איך —
איהר ווילט דוקא פרעמדע פארמעגענס!״
און קוק זיך דערוייל, ווי זיי טראגען
און לעגען דאס אוים אויף די וועגענס.

אין לאַד איך... וואס קען עס מיר ארען —
איך בין דאך שוין אלט... ניט קיין אינגעל...
איך וועל אייך, גנבים, שוין ווייזען —
און לאַד מיר אזוי אין מיין ווינקעל.

דא זעה איך, זיי גרייטען זיך פאהרען
און איטליכער שפרינגט אין זיין וואגען.
דא האב איך שוין אויפגעהערט לאכען,
פארשטאנען: מען דארף שוין זיי זאגען.

און איידער איך האב נאר באוויזען
דעם יחום פון גנב פארטייטשען,
זיי האבען גענומען גלייך שמייסען
די פערד נאכאנאנד מיט די בייטשען.

איך האָב זיי געיאָגט ביז בית־עולם...
פאַרטאָג... אַ סכנה... פול מתים...
די פוהרעז האָב איך ניט דעריאָגט דאָך — —
נו, ביז איך דען שולדיג, רבותים ?!...

## וואונדערליכע צייטען

נייע, וואונדערליכע צייטען
קומען אָן :
דער פאַרשקלאַפּטער וועט צוברעכען
יעדען טראָן.
און די יענע וואָס געטראָגען
האָבען קרוינען
וועלען איז די הרי־חושך
ערגעץ וואוינען...

נייע וואונדערליכע צייטען,
ווי עס האָט
דורך דעם נביא'ס מויל פאַרשפּראָכען
אונזער גאָט.
ווי דער ים די ברעגען זיינע
וועט פאַרגיסען
גאָר די מיעדע וועלט מיט חכמה
און מיט וויסען.

נייע וואונדערליכע צייטען,
הערט און הערט!
ניט קיין קלאַנג פון בלאַנקע שפּיזען,
ניט פון שווערט!
ניט דער בייזער שמאַל און אייזען —
ס'וועלען בלאַנקען
אין די אויגען פון די מענשען
די געדאנקען.

נייע וואונדערליכע צייטען...
אויף די בערג
וועט פון טיפע טאַלען שטייגען
יעדער צווערג.
וואונדער! אויף דער ערד שוין האבען
זיך באוויזען
די געפאלענע פון הימעל —
יענע ריזען!...

## דער טרעמפּ

ער וואָלט אויך געוואָלט
פּונקט ווי אַלע מיר,
שלאָפען אין א הויז,
ניט ביי פרעמדער טיר.

ער וואָלט אויך געוואָלט
זיין אַ טרייער מאַן,
און פֿאַר ווייב און קינד
שלעפּען זיך אין שפּאַן.

ער וואָלט אויך געוואָלט
זיין פֿאַרזיכערט וואָס
און די לעצטע יאָהר
לעבען שטיל, אין רוה.

בלויז איין וואָרעם וואָרט
און אַ ראַק איהם פֿעהלט:
דאָס געפֿינט ער ניט
אין דער רייכער וועלט.

און דערפֿאַר איז ער
אַזוי פֿויגעל־פֿריי
און ער לאַכט פֿון אונז
ווען ער געהט פֿאַרביי.

## אין צוג

איך זעה שוין אַ בוימעל, איך זעה שוין אַ פֿעלד,
איך זעה שוין די גרינע, די זוניגע וועלט.
און שוועבט וואָס ניט וואָס פֿאַר די אויגען אַ הויז,
דיר דאַכט זיך עס וואַקסט פֿון דער ערד אויך אַרויס.

נאר אַט איז דאָס הויז שוין פאַרשוואונדען און באַלד
קומט אַן דיר אַנטקעגען דער דונקעלער וואַלד.
ער ווינקט דיר מיט פינגער מיט גרינע און רופט,
דער צוג אָבער שוועבט ווי אַ פויגעל אין לופט.

באַלד ווינקט דיר אַ וואַסער, עס רופט און ער לאַכט.
דער צוג אָבער טראָגט דיך אַלץ ווייטער און יאָגט.
ער האָט דיר צו ווייזען וואָס שעהנס און וואָס גרויס
און דו דאַרפסט באַלד, אָרימער, שטייגען אַרויס...

## אונמאָדערן

דאָס מאָל בין איך ניט מאָדערן:
איך האָב ליעב לבנה, שטערען,
און די שטילקייט פון דער נאַכט
און פון גרינעם פעלד די פּראַכט.

כ׳בין פון רויש שוין מיעד און מיעדער,
און איך בעינק נאָך אַלטע ליעדער:
נאָך דעם מורמלען פון אַ קוואַל,
נאָך דעם אַלטען נאַכטיגאַל...

## נאָך א יאָהר...

נאָך א יאָהר שוין קלויבט זיך פאַהרען
צו דעם אפּגרונט פון די יאָהרען —
זיינע לעצטע טעג!

געהט ער איינגעבויגען, אָרעם,
איבער גריבער, איבער קברים,
איבער וויסטען וועג.

קיינער וויל איהם ניט באַגלייטען
און קיין קראַנצען און קיין קווייטען
ווארפט מען איהם ניט צו.

פויגעל ווילען איהם ניט זינגען,
גלעקער ווילען איהם ניט קלינגען —
ס'הערשט א טויטע רוה.

געהט ער אזוי ווייטער, ווייטער,
טרעפט ער אַז א יונגען רייטער
איהם אנטקעגען פליהט.

וויל ער וואס דעם רייטער זאָגען,
הויבט דער רייטער אַז זיך טראָגען —
הערען וויל ער ניט!

קוקט זיך אום דער יאהר דער אלטער
מיט א מינע מיט א קאלטער
מיט א בייזען בליק:

איך בין אייך אזוי געפלויגען,
זיך געטראגען פייל פון בויגען —
און איך געה צוריק!...

## די וועלט

מיין הארץ איז מיר טריעב,
מיין הארץ איז געקלעמט:
אך, דאס וואס איך ליעב
איז ארים, פארשעהמט.

און וואס איך פאראכט,
און וואס איך פארהאס
דאס גרויסט זיך, דאס לאכט
אין מארק און אין גאס.

און וואו נאר איך קום
איז בייזקייט און וועה...
עס ציטערט די בלום
פון שטורעמס געשרעה.

איך זעה זי ביז גרונט
די וועלט אַפּגעשמאַקט!
א שטיק פּול מיט שונד
אין איטליכען אַקט.

ווער האַט זי פאַרפּאַסט
דער אויטאָר איז ווער?
צו שפּילען א לאַסט,
צי שווייגען איז שווער...

## דער איינציגער...

נאָכדעם, ווי אברהם האָט
פון זיין פאָטער אַלע געטער
שוין צובראָכען און פאַרניכטעט,
האָט דער אַלטער אויסגעדיכטעט
פון זיין הארץ ארוים א גאָט.

העי, אברהם, פאַרזיכט דאָך!
האָסט א גאָט געמאַכט זיך איינעם
און פון אַלע אויסערוועהלט איהם
אויף צו שעצען, אויף צו ליעבען —
זעה, ער שפּאַנט דיך איין אין יאָך!

אך, וואס קומט אַרוים דערפון
וואס ער איז א גאט א גרויסער,
אבער, הערסטו וואס ער וויל דאך.
העי, אברהם, ס'איז קיין שפּיעל דאך —
ער פארלאנגט פון דיר דיין זוהן!...

## אידעען

אידעען ביי אַרימע דורות,
זיי זיינען ווי קליידער ביי אַרמע פאמיליעס.
מען נעהמט אויף א ראָק פאר'ן זוהן פאר'ן יונגען.
דער יונג, כאטש אין אַרמוטה, דאך האלט ער אין וואַקסען.

דער ראָק ווערט איהם ענג אין די ארבעל,
ער קען מיט די הענט זיך ניט ריהרען.
ביי'ן ברוסט הויבט אן פרעסען
און קען זיך ניט בויגען און קעהרען.

דער ראָק איז נאך זויבער, נאך גאַנץ,
ער שמאל איז געוואָרען קורץ.
נו, גיט מען עס איבער דעם אינגער'ן ברודער:
עס פּאַסט זיך אַזוי פאר'ן קינד...

ער טראגט איהם מיט שמחה, מיט פרייד,
און פיהלט זיך אין איהם אזוי פריי
ביז וואן ער צורייסט איהם, דער שטיפער...
דער פאטער דער אלטער ער קרעכצט:

ניטא שוין גאר היינט א וואארע אזא !...
צוריסענע, צופליקטע, א טייערען בגד.
אידעען ביי ארימע דורות
זיי זיינען ווי קליידער ביי ארמע פאמיליעס...

## זוניגע...

**זוניגע, ליכטיגע, פריידיגע, דו !**
**כ'רוף דיך, איך רוף דיך פיעל מאל !**
**ביזטו צו הויך און דו הערסט זיך ניט צו —**
**ווערט גאר פארלוירען מיין קול...**
**האסטו גערויבט מיר מיין גליק און מיין רוה**
**זוניגע, ליכטיגע, פריידיגע דו !**

**זוניגע, ליכטיגע, פריידיגע, מיין !**
**נידער אראב פון דיין הויך...**
**גיס כאטש איין שטראהל מיר איז הארצען אריין**
**וועט מיר דאס לעבען ניט זיין אזוי בלייך...**
**פרעג מיך ניט וואו און פרעג מיך ניט ווען :**
**זוניגע, ליכטיגע — קום און פארברען !...**

## פלוצים

(צו דעם פאַל פון ראָמאַנאָוו׳ס הויז)

פּלוצלונג זיינען אַלט געוואָרען
אַלע ליעדער פון דער וועלט:
ליעדער פון דעם וועה און צאָרן,
ליעדער פון דער שווערער קעלט...

קייטען... שקלאַפען. — אַ לעגענדע!
בייזע ווינטען — פאַלשער טאָן!
לענגסטער ווינטער האָט זיין ענדע
און אַ זומער קומט שוין אָן!

נאַכט און חשך... ווערטער אַלטע!
ס׳האָט אַ זון זיך אויסגעשפּרייט
און דער אייז פון לענדער קאַלטע
ווערט צושמאָלצען און צוגעהט....

קרויז און הערשער! וואו און וועלכער?
ווער האָט ווען אַ לאַנד בארויבט?
אַז געוועזן איז וואו אזעלכער —
וואָלט זיך איצטער ניט געגלויבט...

העלדען... פעסטונגען... מאַרטירער...
אַך, דערמאַנען זיך איז שווער!
די מאַרטירער זיינען פיהרער
נאָך דעם פרייען פאָלקס באַגעהר!...

## די אנשוויגענע...

זיי זיינען געוואָרען אנשוויגען
אין לאַנגער, אין פינסטערער נאַכט:
שוין לאַנג האָט דער ווינט זייער ניגון
צו אונז ניט געבראַכט.

עס פאַלען און ציטערען וועלטען,
דער מענש א דערשראָקענער וואָרט,
און זיי — אין די שטילע געצעלטען
זיי זיצען פאַרשפאַרט.

זיי האָבען אונז איבערגעלאָזען
אין פרעמדע, אין גרויזאַמע הענט,
און זיי אַליין זיצען פאַרלאָזען
אין גרויע פיער ווענט!

די ערד ליגט א וויסטע, אָהן בלומען,
דער מענש קוקט דערשראָקען און מיעד;
מיר האָבען שוין לאַנג ניט פאַרנומען
פון פרייהייט דאָס ליעד.

## מיין וועלט

איך ווארף זיך אום אהין, אהער,
אך, זייט ניט שטרענג:
איך וויים, איך וויים די וועלט איז גרוים,
דאך מיר איז ענג.

וואס האב איך, וואס די וועלט איז גרוים —
פארשטעהט אליין, —
אז יענעם ארט אוואו איך לעב
איז ענג און קליין.

עס פעהלט מיר לופט, עס פעהלט מיר רוים,
דער וועג פארשטעלט:
איך ווארף מיך אום, איך זוך מ י י ן ארט
אין א י י ע ר וועלט...

## ווי א ווייטער ברודער

ווי א ווייטער ברודער
פון א פרעמדען לאנד
קום איך אייך באגעגענען,
שטרעק איך אוים די האנט.

כ'לאָז אראָב די אויגען
וועז איהר מיך באטראכט:
קיין מתנות, ברידער,
האָב איך ניט געבראכט.

כ'האָב ארומגעוואנדערט
אלע מיינע טעג
און פאַראַרעמט קום איך
פון מיין לאנגען וועג.

נאָר אין שטויב די קליידער,
נאָר פון וואנדערן — מיד,
בלויז אין הארץ אין טיפען
ליגט פאַר אייך א ליעד.

## דער צוריקקעהר

איך ווייס ניט פון נאָהענט,
איך ווייס ניט פון ווייט:
און וואָס זיינען יאָהרען
פון טויזענדער צייט?

מעג ליגען קיין היימלאַנד
פאַר טויזענדער מייל —
איך זעה זי, איך גרייך זי
אט באלד, אין איין ווייל!

און טויזענדער יאָהרען
וואָס האָט פאַר אַ ווערטה?
מיר דאַכט: איך האָב נעכטען
גערוהט אויף איהר ערד.

ווי נאָהענט! ווי נאָהענט!
שטרעק אויס בלויז דיין האַנט,
און — וואונדער! גלייך גרייכסטו
דיין היים און דיין לאַנד!

און וואונדער! — דו פיהלסט שוין,
ווי ס׳רוישט איבער דיר
די ווינטען די לינדע
דורך פענסטער און טיר...

## דער אָנזאָג

אונזער פרייד איז צופיעל גרויס —
רעדט ניט, ליעבע ברידער!
איצט זאָל זיין מיט ווערטער אויס —
לידער דאַרף מען, לידער!

טרוקען פאַלט דאָס וואָרט פון צונג,
קען איין האַרץ ניט דרינגען:
אונזער האָפענונג ווערט יונג —
זינגען, דאַרף מען, זינגען.

דורות לאנג איז אונזער הארף
שטיל און שטום געהאנגען:
אונזער הארץ איז מיעד — עס דארף
ליעדער און געזאנגען.

ס'איז געוועזן דאס לעבען גראה,
ווי א הערבסט א מיעדער:
איצטער איז דער העלער שעה
זינגט אונז ליעדער, ליעדער!...

## שטילע שמנה עשרה'ס...

שטילע שמנה־עשרה'ס
אין די לאנגע יאהרען,
ווייטע תפלות — נאהענט
זייט איהר מיר געווארען.

איך געדענק די ווערטער,
איך געדענק די טרערען:
„צו ירושלים
זאלסטו אונז אומקעהרען"...

זיידעס פלעגען מורמלען,
ס'פלעגען הענט זיך שטרעקען
און ביי אונז, די קינדער,
פלעגט עס וואונדער וועקען.

אלע טאָג צו דריי־מאָל
מאַרגענס, און פאַרנאַכטען
פלעגען אונז די ווערטער
טיעף און ווייט פאַרטראַכטען.

און די קינדערס הערצער
פלעגען שטאַרקער שלאָגען.
אויף די ציון׳ס בערגער
פלעגט עס אונז פאַרטראָגען...

זאָגט ניט, אַ מתנה!
כ׳וויל עס גאָר ניט הערען:
וואָס עס בעטען דורות
מוז מקוים ווערען...

## דער ענטפער

און אז איך וועל קומען צוריק צו מיין היים,
אהיים צו מיין ליעבער...
עס וועלען מיך פרעגען און פאַרשען די פריינד
ווי ביזטו אריבער?

„ווי זיינען געגאַנגען די טעג אין דער פרעמד
זייט דו ביזט פון דאַנען —
צי האָבען די פרעמדע געליעבט דיך, געהאַסט?
דיין לשון פאַרשטאַנען?..."

דאן וועל איך, א מידער, זיי ענטפערן שטיל,
נאך זייער באגריסען:
דערמאנט ניט די טעג מיינע, דארטען ביי זיי,
איך וויל גאר ניט וויסען...

צי גוטע, צי שלעכטע — איך האב דארט געלעבט
און איבערגעטראגען...
און וועלען זיי אנהויבען פרעגען נאך מעהר,
וועל איך מעהר ניט זאגען.

און ס'וועלען פארטראכטען זיך דאן, מיינע פריינד
אין ווינקעל אין שטילען...
און אלץ, וואס איך האב אין דער פרעמד דורכגעלעבט
וועט יעדער דערפיהלען...

## אין ארץ-ישראל

(א ליעדעל)

אין ארץ ישראל איז ליכטיג,
אין ארץ ישראל איז ריין:
און טאמער פעהלט אוים דארטען ברונעמס,
איז טרינקט מען דעם רעגען אליין.

אין ארץ ישראל הערשט יושר,
גאט'ס שטימע פון אומעטום רופט:
און טאמער פעהלט אוים דארטען שוהלען,
מאכט קלוג דארט דעם מענשען די לופט.

איז ארץ ישראל הערשט חדוה
און ס'פיהלט זיך דארט גליקליך דער איד:
און טאמער פעהלט אויס דארטען פידלען,
רוישט שטענדיג דער ירדן זיין ליעד.

איז ארץ ישראל די הייזלעך —
איינשטאקיג, מיט בלומען אין הויף:
און טאמיר פארווילט זיך דיר העכער,
דאן שטייג צום בארג תבור ארויף.

## די אלטע הגדה

מיט א גראהער טישטוך
איז דער טיש געדעקט:
ליעגט א שטיקעל מצה
ארים, אפגעדעקט...

אלע כוסות לעדיג
און דער לעערער כוס
אליהו הנביא'ס
קוקט אן מיט פארדראס...

מורמעלט שטיל דער זיידע:
„מ'נעהמט די מצות דריי"...
אך, אפילו איינע
גיט מען אויך ניט פריי...

קוקט אין דער הגדה
און ער שמייכעלט צו:
„נעהם די איי און כרפּס"...
וואר־זשע נעהמט מען... וואו?...

אויפ'ן פּאַדער־בלעטעל
קוקט דער אלטער, קוקט...
ווען איז די הגדה
פּארט געווען געדרוקט?...

עפּעס הייסט זי עסען
פון דער פולער האַנט:
ווען האט זי געדרוקט זיך
און אין וועלכען לאַנד?...

## א בליק

(צו א. לוצקי'ן)

איך האב ניט לאנג א פריינד באגלייט:
זיין בליק פאר מיינע אויגען שטעהט.
און וואו איך געה און וואס איך טהו —
עס גיט דער בליק מיר ניט קיין רוה.

מיין ליעבער פריינד, אין ווייטען לאַנד!
געזעגענט האסט זיך מיט פאַרשטאַנד.
א וואָרט פאַרשווינדט, א טרער — פאַרווישט:
א בליק אזא פאַרגעסט מען נישט! —

## אין האַל אוו אינדעפּענדענס

(בײם ערשטען אידישען קאָנגרעס אין פילאַדעלפיא)

אין דעם זאַל פון דער באַפרײאונג,
מיט א הײליגקײט דורכגעדרונגען,
בײ דעם גלאָק, װאָס האָט די פרײהײט
פאַר א גרױסען פאָלק צוקלונגען —

אין דעם זאַל בײ'ם גלאָק דעם אַלטען,
מיט א גלױבען גאָר א יונגען,
זײנען זײ געשטאַנען ציטריג
און די „האָפענונג" געזונגען.

אַלע יענע אױסגעװעהלטע,
אַלע שלוחים די פיער הונדערט,
האָבען אונזער ליעד געזונגען
איבעראַשטע און פאַרװאונדערט.

איז דאָס ניט דער גרעסטער װאונדער,
װאָס עס האָט געקענט פּאַסירען:
אין דעמזעלבען זאַל פון פרײהײט —
אונזער פרײהײט פּראָקלאַמירען?

און מיר אַלע, װעלכע זײנען
שטיל געשטאַנען פון דער װײטען
האָבען א געבעט געמורמעלט
און געהאָפט אױף גוטע צײטען.

און די פאהן די ווייס און בלויע,
שויז פון שטורעמס אויסגעמאַטערט,
האט צום פאַהן פון „שטרייפען־שטערען"
זיך געטוליעט און געפלאַטערט...

## אַהן א סוף

צום אנדענקען פון י. ל. פּרץ..
(דער גרויסער דיכטער איז געשטאָרבען ביים טיש, שרייבענדיג א מעשה

ס'איז געווען א גראהער מארגען
נאך א נאכט א שווערער:
וואלקענס האָבען זיך געזאמעלט
מעהרער אלץ און מעהרער.

פריה איז ער דאן אויפגעשטאַנען,
ווי ס'וואלט ווער איהם טרייבען,
און א מעשה'לע פאר קינדער
אנגעהויבען שרייבען.

פאר די קינדער אהן די היימען
וואס ער פלעגט זיי ליעבען:
פאר די קינדער וואס מ'האָט זיי
איז דער פרעמד פארטריבען.

האט ער עפעס זיי ענטדעקט
דעמאלט זיך געקליבען?
ביי די ערשטע צוויי־דריי ווערטער
איז ער שטיל געבליבען.

האט דערהערט ער רופען, רופען?
פון דער ווייט געזאנגען?
אויף זיין פעדער איז א טראפען
טינט פארשטומט געהאנגען...

איז נאך פריהצייטיג געוועזען.
וואס ער האט פארנומען?
האט ער ניט געמאָרט דערצעהלען,
וואס עס וועט נאך קומען?

אך, ווי וואלטען מיר איצט וועלען,
אין דער צייט פון שרעקען,
דאס וואס ער האט מיטגענומען
קענען דא ענטדעקען.

וועלכע בילדער האט געשוועבט דאן
פלינק פאר זיינע אויגען?
איז א טויב א ווייסע דעמאלט
פאר איהם דורכגעפלויגען?

האט זיך אליהו הנביא
פאר איהם דורכגעטראגען,
ווי ער קומט אראפ אהערצו —
אויף א פייער־וואגען?

האט געזעהן א בארג א הויכען
וואו די קינדער שטייגען?
און די וועלכע בלייבען אונטען
שטעהען שטיל און שווייגען?

אדער האט ער דאן געהערט שוין
משיח׳ס שופר שאלען,
און דערהויכט ווערט יעדער, וועלכער
איז געוועזן געפאלען?

און עס זאמלען זיך די אלע —
אין עק־וועלט פארטריבען?...
. . . . . . . . . . . . .
ביי די ערשטע צוויי־דריי ווערטער
איז ער שטיל געבליבען...

## קריסטליך

עפעס פיהל איך מיך פארזינדיגט,
כ׳פיהל מיך קריסטליך היינט.
איך האב ליעב א־יעדען מענשען,
מעג ער זיין מיין פיינד.

האט מיר ווער א פאטש געגעבען
בייזמוטיג און דרייסט,
גיב איך איהם די באק די צווייטע —
פונקט ווי יעזוס הייסט.

כ'פיהל זיך נישטיג און דערשלאגען
און איך קניה איין שאנד...
כ'וויל מיט קיינעם זיך ניט שלאגען,
מעג עם זיין פאר לאנד.

כ'וויל ניט קיין נקמה נעהמען
פון דעם גרעסטען נאר...
פאר אזוינע מדות, קריסטען,
זאגט, וואס קומט דערפאר?...

## פארוואורף

ס'ליעגט א בריוועל אויפ'ן טיש
מיט א שטומער טענה,
מיט א פארוואורף קוקט מיך אן
יעדע שורה זיינע:

„כ'בין אין ווייטען־ווייטען לאנד
ערגעץ וואו געפאנגען:
האסט געלאזען מיך אליין,
ביזט ניט נאכגעגאנגען.

„האסט אפילו קיין געשריי
ניט צו הויך געגעבען:
ס'האט די זון אזוי געשיינט
און באגריסט דאס לעבען.

„האסט געטראכט: די צייט פארגעהט
און וועסט רוהיג בלייבען:
אבער פריינד, דו זעהסט — איך לעב
און איך קען נאך שרייבען.

און אפילו — גאט באהיט —
כ'זאל אמאל פארשטומען,
וועסטו אלץ א בריף פון מיר
איינמאל נאך באקומען.

וועל איך דיר אין יענעם בריף
הארצליך לאזען גריסען
און דו וועסט אלץ טראכטען וואו,
און וועסט קיינמאל וויסען...

## רופט מיך

רופט מיך — איך בין גרייט צו דיענען
אייך, מיט אלץ וואס איך פארמעג,
מיט די לעצטע אלע טעג,
מיט מיין גליק, וואס גלאנצט דערינען.

רופט מיך ווי אמאל פארצייטען.
אויב איך בין ניט גרויס ווי זיי —
פיהל איך שטארקער אייער וועה
שווערער פאלט די טרער פון ווייטען.

## מיר שוועבט

מיר שוועבט פאר די אויגען פון היים די געזיכטער,
מיט וועלכע איך האב זיך געשיידט.
די בליקען, וואס האבען אין הארצען געדרונגען,
די ווערטער וואס האבען ווי לידער געקלונגען,
און האבען אין הארץ מיר די בענקשאפט פארזעעט.

נו, האט זיך צוואוואקסען די בענקשאפט אין הארצען:
דער באדען קען בעסער ניט זיין:
עס ווערט דארט פון טרערען דערשטיקטע באפייכטעט,
פון שטראהלען פון ליעבע דערוואר:עמט, באלייכטעט,
און ס'קומט ניט קיין פרעמדער אריין.

## איך גלויב

איך גלויב אין דער קראפט פון די נאהענטע,
וואס זיינען צוזעעט און צושפרייט;
זיי וועלען מיט ליפען פארשלאסענע,
דערהארען, דערווארטען די פרייד.

זיי וועלען מיט ארעמס אהנמעכטיגע
פארניכטען די בייז איבעראל;
און וועלען ביי פענסטער פארהאנגענע
באגריסען די ערשטע דעם שטראהל.

זיי וועלען ביי טירען פֿאררינגעלטע
דערטרוימען דעם העכסטען פֿארלאנג,
און וועלען ביי שוועלען פֿארבלוטיגטע
די ערשטע דערהערען זיין גאנג.

## די דאמע

די דאמע ביי וועמען ער וואהנט —
א קריסטין — ער זעהט זי גאר זעלטען:
„גוט מארגען“, „גוט נ'אבענד“ — ניט מעהר:
צוויי פֿרעמדע און ווייטע צוויי וועלטען.

פֿון נארדען פֿון ווייטען איז ער,
און זי איז א היגע, פֿון זידען:
זי שטאמט פֿון די פּני פֿון דעם לאנד,
און ער קומט פֿון ארעמע אידען.

דאך ווערט ער אמאל ניט געזונט,
דאן קומט זי מיט שמייכלענדע אויגען:
זי זיצט ביי זיין בעט און זיי דאכט:
א י י ן לאנד האט זיי ביידען ערצויגען...

## דער מאראן

העי, מאראן, מאראן,
אונגליקליכער דו!
אין דיין הארץ איז האַס,
אין דיין אויג איז רוה.

אין דיין הארץ איז האַס,
קענסט דאָך גארנישט טאָן,
ווען עס רופט דער גלאָק
צו דער פּראָצעסיאָן:

ווען עס קלינגט דער גלאָק
צלמס׳טו זיך דאַן,
ציטערט דיר די האַנט, —
ארימער, מאראן.

הערסט דעם גלאָקען־קלאַנג —
עמיץ ווערט פארברענט...
ס׳איז דיין ברודער דארט
האסט זיין קול דערקענט...

וויינען ווילט זיך דיר
נאָר דו האַלסט זיך איין:
העפליך איז געשפּרעך
לאָזטו זיך אריין.

גריסט דיר א מאַנאַד,
שמייכעלסטו איהם צו,
העי, מאַראַן, מאַראַן,
אונגליקליכער דו!...

ווי וואָלסטו געוואָלט,
ביי דעם אַש און רויך,
זאָגען וואָס דו טראַכסט —
און פֿאַרברענט זיין אויך!

## אויפ׳ן באַרג

איך בין אויפ׳ן באַרג,
מיין האַרץ איז אין טאָל:
דאָרט האָב איך געהאַט
א ברודער אמאָל...

איך בין אויפ׳ן באַרג
פון אלעמען ווייט —
מיין ברודער פון טאָל
געהט נאָך ביי מיין זייט.

איך בין אויפ׳ן באַרג,
דאָ איז אַזוי שעהן —
מיר דאַכט, אַז איך הער
פון טאָל א געוויין.

אזוי ווי א קרוין
די זון אויף מיין קאפּ.
עס ווינקט מיר א האנט:
צום טאָל קום אראפּ.

איך בין אויפ'ן בארג...
קיין שאָדך און קיין ריהר...
כ'הער אימיצער שרייט:
דערמאָן זיך אָן מיר...

## סיידי דעלין

(א ניו־יאָרקער העלדין)

אז דו באטראכטסט עס, דאכט זיך:
וואס איז א פאהן? נו, וואס?
דאך פלאטערט אויך ניט דיינע,
דאן איז עס א פארדראס.

און פלאטערט אויך ניט דיינע,
פון וויים און בלאהען פארב,
דאן דאכט זיך, אז זיי זאגען:
דו טארסט ניט לעבען: שטארב!

ניט אלע קענען פיהלען
און ניט פארשטעהן עס גאר:
געפיהלט האט עס נאר איינע,
דאס קינד פון דרייצעהן יאהר.

די קליינע, ליעבע סיידע
ווערט פלוצים שטארק און גרויס
און אין די פרעמדע גאסען
וואקסט א נביאה אויס.

עס האט פאסירט גאר נעכטען,
דאס האט פאסירט גאר לאנג:
און ווידער זינגט און קלינגט אונז
פון דבורה׳ן דער געזאנג...

און ווען עס קומען פלשתים,
דאן קומט א דבורה אן
און שטעלט פאר פאלק און פרייהייט
דאס לעבען איהרס אין קאן...

דאס האט פאסירט פארצייטען
און איצט אין אונז׳רע טעג...
און קיינמאל וועט פארוואקסען
צום ליעבען גרוב דער וועג.

## דאס אידישע ליעד

איך בין געווען אין קאלטען לאנד קאנאדע,
אין איינער פון די ווייטסטע שטעדט:
דער שניי האט צוגעדעקט, פארשיט
די גאסען אלע און די מערק.

מיין גאט! — האב איך געטראכט — ווי ווייט
דיין פאלק פארטריבען איז, צושפרייט...
ווי קאלט דא איז, ווי ווייט עס איז —
און ס'האט געפרוירען מיר מיין הארץ.

אין אבענט־צייט האט מיך א פריינד,
א ווייטער פריינד, אוועקגעפיהרט,
צו ווייזען מיר א קינדער־שול,
וואו אידיש ווערט געלערענט דארט.

איך האב געזעהען דארט קינדערלעך
און אויגען לויכטען — פינקלענדיג:
זיי האבען אלע אויסגעזעהען,
ווי ווינטער־בלומען אונטער גלאז.

זיי האבען הילכיג מיך באגריסט,
גערעדט צו מיר אין אידיש ריין,
און נאכדעם האבען זיי געזונגען מיר
דאס ליעד פון „פריפעטשיק, וואו ס'ברענט א פייערל"

צוריקוועגס האב איך מיך געווענדט צום פריינד:
מיר דאכט, געפאלען איז דער פראסט...
ער האט געשמייכעלט און געזאגט:
דאס וואַרעמט אייך דאס ליעד נאך אלץ.

און בלייבענדיג אליין האב איך געטראכט:
אך, אומעטום דאס זעלבע פייערל...
אין קאלטען לאנד קאנאדא, און אין סיבירען־לאנד —
דאס זעלבע פייערל, דאס זעלבע אידיש ליעד...

## א תפילה

און אז ס'וועט קומען דער בייזער וועטער,
שפעטער, שפעטער —
דער ווינט וועט בלאזן
אויף וועלקע גראזן,
אויף וועלקע בלעטער,
און אלע וועלן מיך פארלאזן —
פארלאז מיך ניט,
מיין אידיש ליעד...

## איך און די וועלט

ווען די גאנצע וועלט וואלט ליידען
גוט אליין זאל מיר זיין בלויז:
וואלט איך דאי די וועלט די גאנצע
איינגעלאדען אין מיין הויז.

איך וואלט טרייסטען זי און צערטלען,
און געזאגט: ניט זארג זיך וועלט,
ביז זי וואלט צו זיך געקומען
און זיך אויף די פיס געשטעלט.

ווען די וועלט געווען וואלט גליקליך,
איך אליין בלויז פול מיט לייד,
וואלט איך דאן צו איהר געקומען
און געפאדערט: גיעב מיר פרייד!

אבער אז מיר ביידע ליידען,
סיי די וועלט און איך אליין, —
האט די וועלט ניט וואו צו קומען
און איך האב ניט וואו צו געהן...

## ווער באשטימט

ווער באשטימט אונזער לעבען און טריט
אין דער פינסטערער נאכט?
און ווער שיצט אונז, גיט אכטונג און היט
און ווער אונז באוואכט?
אדער זיינען מיר אלע אליין
אהן שוץ, ווי אין מדבר דער שטיין?

איבער אונזערע קעפ ווער וועבט אוים
די שלייערן דיק און געדיכט?
ווער צינדט עס און ווער לעשט עס אוים
אין פינסטערן וועג אונזער ליכט...
אדער דער זעלביגער ווינט —
ער לעשט און ער צינדט?

# ניו־יאָרקער בילדער

1.

## די מאַמע

די מאַמע פיהרט דאָס וועגעלע
מיט לייכטע, קליינע טריט:
אַך, אינוועניג, אין וועגעלע
איהר קינד זי שיצט און היט.

דאָס וועגעלע איז לייכט און גרינג,
דאָס קינד איז גרינגער נאָך:
דאָך גרינגער איז די מוטער־לאַסט
און זיס און ליעב דער יאָך.

א יונגע מיידעל קוקט עס אָן
בשעת זי גערט פאַרביי:
ז' איז נאָך יונג, זי איז נאָך שעהן,
פון מוטער־לאַסטען פריי.

זי קוקט אריין אין וועגעלע:
אין ווייכען קישען ליעגט
דאָס קינד אָן איינגעטוליעטע
און שמייכעלט פאַרגעניגט...

דערנאָך קוקט זי דער מוטער אָן,
דאָס מיידעל גיט אַ טראַכט:
„איך וועל דעם ענטפער הײמאַנען
נאָך געבען הײנט פאַר נאַכט.

וואָס געהט מיר זיין פּרנסה אָן?
ניט רייכקייט איז דאָס גליק..."
און וואַרפט צום קינד אין וועגעלע
אַ שמייכלענדיגען בליק...

2.

## דער „ניוס-באָי"

עס צושיטען זיך די אינגלעך
מיט די אויגעלעך, וואָס פינקלען,
מיט די צייטונגען די פּעקלעך,
אין די גאַסען, אין די ווינקלען.

שיט דער שנעע, צי גיסט דער רעגען,
ברענט דער פראָסט און שרפה'ט שרעקליך,
יאָגען, איילען זיי און לויפ
אין די קורצע זומער־רעקלעך

מאנכער מיט א שאַל פארבונדען,
(קענטיג ד ע ר האט נאך א מאמען !)
און זיי יאגען און זיי פליהען,
האבען מורא צו פארזאמען !

העי, דארט שטעהט דער איד דער אלטער
מיט א לאנגער בארד, צופלאכטען,
האלט ער אויך א פעקעל „פייפערס“.
וואלט דער באַי איהם שיער געשאכטען !

וועניג זיינען דאַ דען שעפער,
וואו מען ארבייט קליידער, מאנטלען :
ווער־זשע הייסט איהם זיין א פוילער
און מיט צייטונגען גאר האנדלען ?

האט דעם בעסטען פלאץ פארנומען
טראכט דער באַי, שטארק אנגעבלאזען,
פונקט אין ווינקעל לעבען סאַבוויי —
ניין ! ער וועט עס ניט דערלאזען !

און א צווייטען פלאץ א גוטען
— מאַכען וועט ער א פארמעגען —
האט דער לאַמיר באַי פארכאפט גאר,
יענער יחסן מיט דעם שטעקען.

און עס ווערט א קאמף פאר פלעצער
פאר די רוישענדיגע ווינקלען...
שווארצע אויגען ביי די קינדער,
ווי ביי גרויסע, בייזע, פינקלען...

## 8.

### פייער

ביי דער זייט פון טראטואר
אין א טאג א טריבען,
בין איך, געהענדיג אין גאס,
פלוצים שטעהן געבליבען.

ס'האט א פייער מיר פארשטעלט,
מיר מיין וועג אהן ציעלען:
ס'האט א פייער הויך געברענט,
וואו די אינגלעך שפילען.

אך, די שקצים! לאזען ניט
דורכגעהן גאר קיין מענשען:
דאך אין הארץ געמוזט האב איך
שטילערהייט זיי בענשען.

פונקען פליהען אין דער הויך
העלער און געשווינדער
און די ארמע, גראהע גאס
ווערט באלויכט פון קינדער.

פאלט דער פייער פלוצים אפ,
ווילען זיי ניט ראסטען,
און א אינגעלע ברענגט צו
נאך אן אלטען קאסטען...

און צובראכען ווערט עס גלייך —
האלצלעך דין און טרוקען:
ווערט דאס פייער ווידער גרויס
ס'איז א פרייד צו קוקען.

ארום פייער שפרינגען אום
אלע קליינע יונגען,
און דער פייער שפיעלט אויך מיט,
לאכט מיט רויטע צונגען.

ווילט זיך ניט אוועקגעהן נאך,
קיינער זאל דערקענען:
אלץ, וואס איז געווען בעפאר
לאזען דא פארברענען...

4.

## א ניגעריל

א ניגעריל, א קליינס, ווי סאזשע שווארץ.
האב איך געזעהען זיך שפּילען ביי א הויז.
עס האט געטרויערט און געשראָקען זיך מיין הארץ:
מיין גאָט! ווי מאוס דיין באשעפעניש זעהט אויס!

און פּלוצלונג האט דאס קינד דאס שווארצע זיך צולאכט,
זיך קויקלענדיג און שפּילענדיג אויף דר'ערד:
מיין גאָט! וואס איז מיט מיר אזוינס? האב איך געטראכט,
וואו האב איך ערגעץ אזא לאכען לאנג געהערט?!

איך האב דערמאָנט זיך, אז מיין ברודעריל אמאָל,
מיין ווייסער ברודעריל, ווען ס'איז געוועזען קליין,
האט אויך געלאכט אזוי, עס איז דאס זעלבע קול —
און גלייך איז מיר דאס שווארצע קינד געווארען שעהן...

5.

## די ברעד־ליין

עס שטעהט אין דעם נידריגען טייל פון בראָדוויי,
פון ניו יאָרק׳ס עשירות און „ביזנעס" דאָס האַרץ,
אין פינסטערער נאַכט און אין פינסטערער שטונד —
אַ רייהע געשטאַלטען מיט פּנים׳ער שוואַרץ...

ביי׳ן טאָג האָט געוווּשט דאָ, געקלונגען דאָס גאָלד:
מיט שטאָלץ האָט געהוידערט, רעגיערט דאָ די מאַכט.
און איצט האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ דאָ די נויט —
אַ דריקענדע שטומע, מיט ליפּען פאַרשמאַכט...

עס שטעהט דאָ די „ברעד־ליין" — די רייהע איז לאַנג
און קומט פון מינוט צו מינוט אַלץ מעהר צו...
דאָס זיינען די אָפּפער פון טאָגיגער רויב,
וואָס האָבען קיין ווינקעל און האָבען קיין רוה...

דער איינציגער פּלאַץ, וואו זייער האָפענונג ליגט,
איז דאָ אין דעם ווינקעל פון רייכען בראָדוויי.
דאָ ווערט זיי צוטיילט פון די זאַטע, וואָס בלייבט,

זיי שטעהען אין זייערע שמאַטעס געהילט
און קוקען מיט אויגען פארגליווערט און שטאר:
עס איז דארט פארלאשען דאס בושה־געפיהל,
דארט שימערט א טעמפּער, פארגלעזערטער צער...

נאר אפט בליצט די קנאה ביי איינעם אין אויג,
דאס איז ער מקנא דעם ערשטען אין „לייו".
או! ער איז דער לעצטער — א, שטילער — ניט לאכט! —
עס קען צווישען „לעצטע" א לעצטער אויך זיין!...

## ווער?

(פאַנטאַזיע)

— ווער האלט די מאכט,
די פינסטערע מאכט?
די אלטע, די אלטע,
די אוראלטע נאכט.

— ווער פאלגט דער נאכט,
דער אוראלטער נאכט?
די יונגע, די יונגע
פול לעבען, פול מאכט.

— ווער הוליעט, ווער לאכט
אין מיטען דער נאכט?
די פינסטערע מאכט
האט א שמחה געמאכט.

— ווער האט איהר דעם וויין
דעם רויטען געשאפט?
די יונגע, די יונגע
פול לעבען, פול קראפט.

— ווער ווײנט — ווער ווײנט?
איז מיטען דער נאכט?
די יונגע, די יונגע
פול לעבען, פול מאכט.

— ווער היט, ווער שיצט
די פינסטערע נאכט?
די יונגע, די יונגע
זיי האלטען די וואכט...

## אין דער פריה

אין דער פריה געגאנגען
זיינען זיי צוריק
נאך א נאכט פון פריידען,
נאך א נאכט פון גליק.

ביידען אויפ'ן הארצען
איז געווען שווער;
זי — ווי א בארויבטע,
ווי א רויבער — ער.

פון די אַלע ווערטער
איז אין האָרצען פּוסט —
וואָס זאָל ער איהר זאָגען,
האָט ער ניט געוואוסט.

זי האָט זיך געטוליעט
צו זיין אָרעם פעסט,
ווי אַ טויב אַ קראַנקע
אין די קאַלטע פרעסט.

ער האָט זיך געפיהלט אויך
שווער אַזוי אין גאַנג,
ווי מען וואָלט אין תפיסה
פיהרען איהם אויף לאַנג.

## אַ מענש

אין דעם וואַלד איז דאָ
חיות אַלערליי:
קומט די בייזע שעה
לעב דאָן גוט מיט זיי.

זאָג דעם וואָלף, ער איז
ווי אַ לעמעל גוט;
רוף דעם פוקס אָן: „ריעז“,
זאָג דעם האָז: „האָסט מוט!“

אויך דעם קרומען בער,
גיב איהם כבוד אפ:
רוף איהם: גנעדיגער הער,
רוף איהם: פילאנטראפ.

שמייכעל יעדען צו,
וואס זיי טוען: בענש,
דאמאלט, חיה, דו —
וועסטו זיין א מ ע נ ש!...

## קהלת

(פראגמענט)

אלץ, מיין זוהן, איז גארנישט,
אלץ איז נארעריי;
ס'געהט דאס גאנצע לעבען,
ווי א ווינט פארביי.

און צו וואס דאס מיהען
פון דעם מענש אויף דר'ערד,
אז די אלע גליקען

האבען ניט קיין ווערט?
דורות געהען, קומען —
וויים ווער — ווער זיי טרייבט?
בלויז די ערד די איינע
אלץ דיזעלבע בלייבט.

אלע קוואלען פאלען
אין דעם ים אריין;
און דער ים קאן פולער
אלץ דערפון ניט זיין.

וואס עס איז געוועזען,
דאס וועט זיין צוריק. —
ס'בייטען זיך די מענשען,
דאך דיזעלבע שטיק...

## א שפיעלצייג

מיט א שטיקעל שמאטע
האט דאס קינד געשפיעלט;
זיך א שפיצלצייג מאכען
האט דאס קינד געציעלט.

האט געדרעהט די שמאטע
פלייסיג היז־און־העד;
ביז עס איז געווארען —
ווייסט איהר וואס? — א בער!

האט דאס קינד דערפרעהט זיך
און זיך הויך צולאכט;
מיט די אייגענע הענטלעך
זיך א בער געמאכט.

אבער אז פון שאפען
איז די פרייד אוועק,
האט דאס קינד דאס קליינע
טיעף דערפיהלט א שרעק:

בערען זיינען שרעקליך,
עסען קינדער דאך...
האט דאס קינד צואויינט זיך
אויף זיין גרויסען בראך.

האט דאס קינד געשווארען:
קיינמאל וועט עס מעהר
פון אן אלטע שמאטע
מאכען זיך א בער.

## דער שפיגעל אין טאנץ-זאל

אין דעם גרויסען, פרייען טאנץ-זאל,
וואו די טענצער קריגען פליגעל,
הענגט דארט אויפ'ן סאמע מזרח
א געשליפטער, קלארער שפיגעל.

און די אלע יונגע פארלאך,
העל באשטראהלטע פון די ליכטער,
טאנצען אפ זיך אין דעם שפיגעל
מיט די פרעהליכע געזיכטער.

ניט קיין איין מינוט אפילו
בלייבט דער שפיגעל גאר א לעערער.
ער פארדאפעלט יעדעם פארעל
און זיי ווערען מעהר און מעהרער...

נאכ'ן טאנץ אין קורצער פאוזע
שטעלט א מיידעל זיך אנטקעגען,
ווי זי וואלט איהר פריינד, דעם שפיגעל
אויפ'ן אויער עפעם פרעגען:

„ווי געפעלט דיר, זאג, מיין לאקעל?
זאל עס בלייבען אויפ'ן שטערען,
אדער אויפ'ן קאפ פארשארען?" —
ענטפערט איהר דער שפיגעל גערן:

„אויפ'ן שטערען איז עס שעהנער,
אויפ'ן קאפ איז עס סאלידער"...
און דאס מיידעל שטעהט און חן'ט זיך
און ער שפיגעלט איהרע גליעדער...

קומט א יונגערמאן גאר זעלטען,
איז דער שפיגעל ניט דאגעגען...
כאטש איהם דאכט זיך, אז באשאפען
איז ער בלויז פאר מיידלעד וועגען.

און ער צייגט איהם, אז זיין שניפסעל
איז צו הויך ארויפגעקומען...
ווייטער ביסטו גאר אין ארדנונג —
געה, און זאל דיין מיידעל קומען.

דאך, דער יונגערמאַן ער שטעהט נאך —
ס'איז זיין שווארצער ראָק דער עכטער
ביי די לאַצען ווייס געוואָרען —
מאַכט דער שפּיגעל א געלעכטער:

צופּיעל פּודער האָט דיין מיידעל,
דריק זי שוואַכער צו דיין האַרצען —
פאַרזיכטיג מיט ווייסע מיידלעך,
ווען דו טראַגסט א ראָק א שוואַרצען.

---

און אַזוי די נאַכט די גאַנצע
מוז ער יעדערע עמפּפאַנגען,
ביז עס הויבט אַן דרויסען טאָגען
און די יוגענד ווערט צוגאַנגען...

בלייבט דער שפּיגעל לעער און לעערער,
חרוב איז די וועלט אין גאַנצען...
דען די וועלט באשטעהט ביי'ן שפּיגעל,
בלויז פון פּאַרלער, וועלכע טאַנצען...

## נאַכ'ן שטורעם

נאַכ'ן שטורעם ווערט עס שעהן
און דער הימעל לויטער, ריין:
נאַכ'ן בליץ און דונער־קנאַל

גלעט און ווארעמט יעדער שטראהל,
וואס עסווארפט די זון דאן צו
פון איהר הויכקייט, פון איהר רוה...

און אן אנדער באלעבאס,
וואס געווען איז פול פארדראס
אויפ'ן דונער, אויפ'ן בליץ
און געציטערט: גאט באשיץ! —
עפענט טיר און פענסטער אפ
און ער רוקט ארויס דעם קאפ...

און ער מורמעלט: „גאט געלויבט!
אפגעוואשט און אפגעשטויבט
איז די ערד געווארען צינד
נאכ'ן מבול, נאכ'ן ווינט.
איצטער וועט שוין רוהיג זיין" —
און ביים פענסטער שלאפט ער איין...

## אין ארימען געגענד

אין איינעם פון גרויע פארנאכטען
אין ארימען געגענד,
האב איך איהם באגעגענט,
ביים שענק א פארמאכטען,
א שטילען, פארטראכטען.
די קליידער צוריסען —

די ליפּען פארביסען...
געשטאנען, געקוקט אין די דונקעלע שויבען
פון שענק דעם פארמאכטען,
ווי עמיצער וואלט איהם בארויבען.
און נאכדעם האב איך שוין פארנומען
א מורמלען, א ברומען:
„איהר האט ביי מיר אלץ צוגענומען,
געראובט מיר פון היים און געליעבטע...
און טאמער אין שעה'ן באטריבטע
פלעג איך אהער קומען,
פארגעסען ביי העלע געטראנקען
די גרויע געדאנקען:
ביי'ן ביער וואס פלעגט שוימען
אביסעלע טרוימען —
האט איהר דאס מיר אויך ניט פארגונען,
די איינציגע רעכטע —
איהר בייזע און שלעכטע!" —
און איז אין דעם חושך אנטרונען...

## אין א שטילער געסעל

אין א שטילער געסעל
וואוינען מענשען טריעבע,
ווייסען ניט פון פריידען,
ווייסען ניט פון ליעבע.

וואוינען זיי דא יאהרען,
ווילען זיי ניט ציהען,
דען דיזעלבע יאהרען
אומעטום פארפליהען.

וואקסט דארט ניט קיין בוימעל,
בליהט דארט ניט קיין בלומעל,
און די קליינע קינדער
מאכען ניט קיין טומעל.

אלע ווי פארגליווערט,
אלע ווי פארפרארען,
אויף די טריעבע פענסטער
טאג און נאכט די שטארען.

טרעפט אמאל, פארבלאנדזשעט
גאר ניט מיט זיין ווילען,
איינער מיט א קאסטען,
הויבט ער אן צו שפיעלען.

שפיעלט ער אף איין ניגון,
הויבט זיך אן וואס ריהרען,
שפיעלט ער אף א צווייטען —
אפען פענסטער, טירען.

עפענען זיך הערצער
און די אויגען גלאנצען,
אויף א שוים א מוטער'ס
הויבט א קינד אן טאנצען...

הויבען אן פון קאסטען
טרייסט זיך גיסען, פליסען.
ווי ער וואלט פון אלע
זיסע סודות וויסען...

ווי ער וואלט געגריסט זיי
פון דער וועלט דער ווייטער
פון דער וועלט דער גוטער,
און פון דער פארשייטער.

הויבט דאס שטילע געסעל
עפעס אן באנעהמען,
הויבט זיך אן פארטראכטען,
הויבט זיך אן צו שעמען...

ביז עס ווערט דער קאסטען
ענדליך דאך אנשוויגען,
אבער אין דעם געסעל
בלאנדזשעט אום דער ניגון...

## אימער פריהלינג

עס איז אלץ אזוי געענדערט
אין דער לעצטער צייט;
וואס געוועזען איז דיר נאהענט
איז געווארען ווייט.

וואס געוועזען איז דיר טייער —
בילינג איז אצינד:
וואס איז שטארק און פעסט געשטאנען
האט פאריאגט א ווינד.

וואס דו האסט די היים גערופען
איז דיר איצטער פרעמד
און דאס שעהנסטע אין דיין הארצען
ליעגט אזוי פארשעמט.

בלויז דער פריהלינג איז ווי שטענדיג —
גוט און שעהן און מילד
און זיין יעדער שטראהל און אטהעם
שטילט דיין וועה און שטילט.

קענטיג, אז אין ווייטען הימעל
איז נאך ניט באקאנט
ווי מען האט די ערד צוטיילט איצט
לאנד געטוישט אויף לאנד.

און מען וויים ניט אז דער ים איז
אלץ פארשטעלט ביז היינט,
און געשיקט האט מען דעם פריהלינג
ווי א גאסט, צו פריינד...

## די נאַרישע שפּיעל

די נאַרישע שפּיעל
פון פרייהייט און גליק,
דער אייביגער ציעל —
געהט הין און צוריק.

קרבנות אָהן צאָהל
און וואו איז דער זין?
עס וויעגט זיך די שאָל
אַהער און אַהין.

דאַ הויבט זיך דאָס בייז
און באַלד זיעגט דאָס גוטס,
און ווער פון אונז ווייס
פוןביידען דעם נוץ.

עס וויעגט זיך און וויעגט!
שווין! גלייך! נאר אומזיסט!
דאָס גוטס האָט געזיעגט,
דאָך הימ זיך, מען שיעסט!

## דעם מלך׳ס שרעק

און אז דער מלך איז ארויס אין גאס
פארקליידעט ווי א בירגער פון דער שטאדט
האט ער, אנשטאט צו האבען פרייד און שפאס,
דערשראקען זיך ווי פאר א שטראף פון גאט.
אך, וואו ער קוקט זיך אום
איז טרויער... שטיל און שטום...
פון הייזער קוקט ארויס דער וועה,
א קינד פאר הונגער ערגעץ שרייט,
א קריפעל געהט פארביי אויף קוליעס צוויי
און קרעכצען טראגען זיך פון ערגעץ ווייט.
און וואו ער האט געקעהרט זיך און געווענדט
האט ער געזעהן נאר קריפעלס, ווער אהן פיס, אהן הענט...
און זקנים הונג׳ריגע אויף יעדען טריט און שריט
און קיין געזונטען יונגען מאן אין ערגעץ ניט!
א פרוי, פון הונגער, עלענד א געשטאלט
האט אנגעקוקט איהם, מיט די שולטערן געדריקט:
מיין הערר! איהר זייט דאך נאך קיין זעכציג יאהר ניט אלט —
האט דען דער מלך אייך אין קריעג נאך ניט געשיקט?...
און וואקלענדיג פאר הונגער איז די פרוי אוועק
און האט דעם מלך שטעהן געלאזט אין שרעק...

## אויף א. ווייטער׳ס טויט

פאַרלאָשען די שטראַהלען,
פאַרלאָשען דאָס ליכט:
מיין פריינד איז געפאַלען
מיט בלוט זיין געזיכט.

די אויגען נאָך אָפען
און קוקען מיך אָן:
ווי האָט עס געטראָפען,
ווער האָט עס געטאָן?

מיין נאָהענטער ווייטער,
מיין ליכטיגער פריינד,
א קנעכט א באַפרייטער
געטאָן האָט עס היינט...

די בלוטיגע פלעקען
זיי ווערען מעהר גרויס...
די שטראַהלען, פון שרעקען,
זיי לעשען זיך אויס...

## יענע פרייהייט

און ווען יענע פרייהייט וועט קומען
און לעבען וועט זיין מיר באַשערט,
לאָזט איבער פאַר מיר צוויי דריי בלומען
אויף אונזער בשותפישער ערד.

לאזט איבער א ביכעלע ליעדער
און טרויעריג זאלען זיי זיין;
און אויב עס איז אייך ניט דערוויעדער —
לאזט איבער א קריגעלע ווייז.

און צווינגט מיך ניט גליקליך צו לעבען
און לאזט מיך צורוה און אליין;
און איך וועל מיין ברכה דאן געבען
דער פרייהייט, וואס איז אזוי שעהן...

## דונקעלע נביאות

און וועט שוין די רעכענונג ווערען געמאכט
צי פאלש אדער ריכטיג,
און וועט זיין דאן טאג צי וועט דאן זיין נאכט,
צי פינסטער, צי ליכטיג —
מיר וועלען ניט קענען פארגעסען,
דאס הארץ וועט אונז דריקען און פרעסען.
מיר וועלען ארומגעהן געבויגען די קעפ,
ווי מענשען בארויבטע
און וועלען אפילו אויף גאלדענע טרעפ
זיך פיהלען פארשטויבטע.
מיר וועלען דאס אלטע געדענקען
און קוקען צוריק אלץ און בענקען.
מיר וועלען דאן וועהלען אליין אונזער גליס,
דאך זיין די באהערשטע
און וועלען אלץ ווענדען געהיים אונזער בליק
צו יענע, די ערשטע.
מיר וועלען זיין פריי, דאך געבונדען
צו דעם, וואס געווען און פארשוואונדען...

# אינהאלט:

I.

## דורך פינסטערע טויערן — זייט

## II.

## חרובה היימען

III.

## אין אלע צייטען

## IV.

## דאס ליעד פון ליעבע

V.

## געמישטע ליעדער

זייט